# פנחס קארל

## אין דער אָפּשאַצונג
## פון זיינע פריינט



יובל-בוך צו זיינע זיבעציק יאָר

1951



ארויסגעגעבן פון

דיסטריקט קאָמיטעט אַרבעטער רינג

דרום קאַליפאָרניע

רעדאקציע:

י. לעוויט — ה. לאַנג

# אינהאַלט



די געדאנקען און סענטימענטען, וואָס קומען צום אויסדרוק אין אלע בייטראַגען אויף די בלעטער דאָ אינ׳ם זאמעל-בוך, געהען איבער ווי א מתנה צום יובילאַר, ניט ווי פון איינצעלנע פריינט, נאָר ווי פון אַ קאָלעקטיוו. און דער קאָלעקטיוו פארקערפערט די גרויסע אידייע, וואָס ארום איהר איז די נשמה יתרה פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

פנחס קאַרל איז אַ בן-יחיד אין דער אידישער ארבעטער באַוועגונג דערמיט, וואָס ער שטעהט אין דעם רייכען קלאַס פון אַמעריקע מיט׳ן זעלבען אויסבליק צו די ראַנגלענישען אין דער וועלט פאר פרייהייט און דעמאָקראַטיע ווי דעמאָלט בעת דער אויסבליק איז צו איהם געקומען אין זיינע יונגע, אָבער שווערע טעג פון איינעם פון די אָרימסטע ביי די אָרימע.

פונקט ווי די ליכטיגקייטען פון די אַמעריקאנער פרייהייטען האָבען איהם ניט פארבלענדט בעת ער האָט זיך דערשלאָגען צו זיי פון פינסטערען דלות אין אידישען פוילען, און ער האָט געששרעבט. אז ערשט דורך די פרייהייטען פון דער נייער וועלט זאָל אויפקומען גליק פאר אַלעמען, אַזוי האָבען איהם ניט פארבלענדט די ליכטיגקייטען פון רייכטום, און עס איז אין איהם ווייטער פארבליבען דאָס שטרעבען צו גליק פאר אַלעמען.

און גלייכצייטיג איז פנחס קארל אַ בן-יחיד אין דער אידישער פילאַנטראָפיע. ער טיילט ניט קיין נדבות; ער קומט נאָך סאָציאַלע פליכטען. עס שפּילט אין איהם ניט דער געפיל זיך אויסצופּיינען, נאָר

דער געדאנק - און הארץ - אינטערעסען אין די באַוועגונגען און אי"נ-סטיטוציעס, צו וועלכע ער קומט צו. און איהם איז אַן ענין קולטור, ווי אַ האָספיטעל. און טאַקע קולטור אויף אידיש, וואָס דאָס איז זיין גייסטיגע אַטמאָספערע.

עהרט איהם דער ארבייטער רינג, וואָס איז זיין געזעלשאַפט-ליכע אָרגאַניזאַציע, מיט א ספעציעלער ליבשאַפט; און די אינסטי-טוציע, „שטאָט פון האָפנונג", וואָס איהר ווידמעט ער צאַרטע אויפ-מערקזאַמקייט, ווי געלט-הילף, שעצט זיין פערזענליכקייט מיט אַ באַזונדערער דאַנקבאַרקייט.

ווי אַ צוגאָב צו זיין געשטאַלט פון אַ חתן-היובל, אלס אַ בן-שבעים, איז דער סימבאָל, וואָס זיין לעבענס-וועג ברענגט ארוים מיט אַ קאָלירפולער שפּיגעלדיגקייט — דער סימבאָל פון דעם שוסטער אין דער אידישער געשיכטע און אידישער לעגענדע. ס'האָבען זיך גע-וועבט אַרום דעם שוסטער פאָלקס-מעשה'ס; און מ'האָט ארום איהם געזונגען פאָלקס-לידער; און מ'האָט אין איהם אַנטדעקט דעם מיס-טישען צויבער פון אַ לאַמעד-וואָווניק; און מ'האָט אין איהם אויך אַנטפלעקט דעם פרייליכען טרייסטער אין מינוטען פון פאָלקס-צער. פנחס קאַרל, דער באַרוועסער שוסטער-יונג פון דער אַלטער וועלט און דער גבירישער „שוה-מוירטשענט" אין דער נייער וועלט, שאַפט פאר'ן שוסטער-געשטאַלט אַ נייע לעגענדע.

מיר שליסען זיך איין אין דעם קאַליפאָרניער ארבייטער רינג און אין דעם ארבייטער רינג-קאָמיטעט פאר דער „שטאָט פון האָפ-נונג" ביי זייערע הארציגע צוואואונשונגען צום יובילאַר און זיין פאַמיליע פאר אַ ווייטערען לעבען אין פרייד, און אין דינסט פאר אַ וועלט אין פרידען מיט גלייכער פרייהייט און גליק ביי אַלע פעלקער.

**די רעדאקציע.**

# פנחס קאַרל יובילעי אראנזשיר קאָמיטעט

## ארבעטער רינג לאָס אנדזשעלעס קאַמפּעין קאָמיטעט

## פאַר׳ן קענסער האָספּיטאַל אין דער „שטאָט פון האָפנונג"

סימאָר פיליפּס, נאַציאָנאַלער טשערמאַן
דזשוליוס לעווין, נאַציאָנאַלער סעקרעטער
דייוויד פינקעל, לאָס אַנדזשעלעס טשערמאַן
רות פיליפּס, לאָס אַנדזשעלעס סעקרעטער.

## לאָס אַנדזשעלעס קענסער האָספּיטאַל קאַמפּעין קאָמיטעט

| | | |
|---|---|---|
| מאַטילדא אלטשולער | נייטען פיין | זינא סילווערסטיין |
| דזשאַן אַפּטעקער | מאַקס גאָרענסטיין | דזשוליאַן אולמאַן |
| וועלוועל באַראַנאָווסקי | ליע מאַלקין | לעאָ וואלט |
| נאָרמאַן פעיגעלמאַן | פּוירל פּאַול | פּיליפּ וויינסטיין |
| אברהם פילער | סעם פּאַול | מייער וויינטרויב |

## סאַוטערן קאַליפאָרניע דיסטריקט קאָמיטעט

סימאָר פיליפּס, טשערמאַן
יהושע פארבער, עקזעק. סעקרעטער
אברהם פילער, פינאַנס סעקרעטער

ברענטש 187,
„אי", באבס לובין, סעקרעטער
ברענטש 413,
י. א. הערמאַן, סעקרעטער
ברענטש 443,
י. פארבער, סעקרעטער
ברענטש 590,
ה׳ שיינין, סעקרעער
ברענטש 605,
דזש מאַזעלים, סעקרעטער
ברענטש 654,
סיימאָן לי, סעקרעטער
ברענטש 655,
ב. וויינטרויב, סעקרעטער
ברענטש 663,
ראָוז בערמאַן, סעקרעטער
ברענטש 669,
ה. באָרענסטיין, סעקרעטער

ברענטש 676,
ה. אבארבאנעל, סעקרעטער
ברענטש 689,
מ. מארקאָוויטש, סעקרעטער
ברענטש 691,
ע. סיידלער, סעקרעטער
ברענטש 697,
ז. א. זיגעלבוים, סעקרעטער
ברענטש 933,
ה. לעווין, סעקרעטער
ברענטש 963,
דזש. בערמאַן, סעקרעטער
ברענטש 983,
מ. גאָלדסטיין, סעקרעטער
ברענטש 1016,
ל. ביאַלים, סעקרעטער
ברענטש 1031,
ליע נארדעלמאַן, סעקרעטער
ברענטש 1034,
רות לעמפּערט, סעקרעטער
ברענטש 1036,
עדנא דזשעיקאָבס, סעקרעטער

א. ליעסין

# הירש לעקערט

(פונ׳ם דיכטער׳ס שריפטען)

דער העלד־מאַרטירער איז אויפ׳ן האַרצן
פונ׳ם יובילאַר; דער דיכטער — פון די
ליכט אין זיין לעבען. —רעדאקציע.

זיי האָבען רווישלאָז, אין די שעה׳ן אין די שפּעטע,
פון טורמע, ווי גנבים, אים ארויסגענומען,
און אונטער שטאַרקער וואַך, פאַרהאַקט אין אַ קאַרעטע,
געפירט, באַגלייט פון רייטער, אין פאַראַד אין שטומען —
געפירט אים פאַרזיכטיג, אין טויטקייט פון באַגינען,
אַז קיינער זאָל זיך אויף די גאַסן ניט געפינען.

און ביז׳ן „מיליטער־פעלד״, ערגעץ הינטער שטאָט,
וואו פינסטער האָט דערוואַרט אים שוין דער עשאַפאָט.

און אויפ׳ן פעלד איז אַן אַרמיי געוועזן פאַרבאָרגען,
געשטאַנען אונטער ביקסען מיט׳ן בליק צום תליון,
צו זעהן דעם שוסטער־יונג דעם אידישן דערוואָרגען,
צום רום צום הערליכען פון קייזער און פאָן־וואַליען;
פיר באַטאַליאָנען האָט מען שטיל צונויפגעטריבען,
ווי שטורעמען גאַנץ ווילנע וואָלט מען זיך געקליבען.

אָט קומט שוין די קאַרעטע און ער געהט אַרויס,
ווען הויך איז מזרח־הימעל ברעכט די רויטקייט אויס.

דערזעהט ער דייטליך שוין פאַר זיך דעם עשאַפאָט
און האַרט דערביי די גרוב, פאַר אים געגראָבן פריש;
צוויאָמערט זיך זיין הארץ, ער מאַכט צוריק אַ טראָט,
און פאַר די אויגען גיט זיך אַלעם ווילד אַ מיש —
ווי ליב דאָס לעבן שמייכעלט, ווי די וועלט איז שיין,
ווי ווייניג גוטס געזען און מוז אין גרוב שוין געהן!

נאָר איין מינוט פון שוואַכקייט, ווייטאָגדיג און שווער,
און ווידער שוין דער שטאָלצער רעוואָלוציאָנער.

ער גייט צום עשאַפאָט, צום גורל זיינעם, מונטער,
און הערט דעם פּסק אין מוט אין ווירדיגען, אין פעסטען,
און לאַכט דעם אָנבאָט פון פאַרראַט מיט האַס אַרונטער,
און נעמט מיט בליקען שפּאָטישע פאַרעכטליך מעסטען
דעם שטייפען, אָפּיציעלען, פרום-צוגלאָצטען פּנים
פון טויט-צושראָקענעם ראַבינער, דעם קאַזיאָנעם.

אָט בינדט מען אים די הענט, אָט זעט ער שוין די שטריק,
אָט קומט שוין, קומט שוין אָן דער גרויסער אויגענבליק.

ווי טוט ער זיי פאַראַכטען — זיי און זייער שטראָף!
ווי קוקען זיי אויף אים פאַר׳חידושטע, די קנעכט!
און אָט שוין פאַלט די פּעטליע אויף זיין נאָז צום סוף,
געוואָרפען פון דעם תליון אומגעלומפּערט-שלעכט;
טאָ כאַפּט ער, הענט-געבונדען, פלינק זי מיט׳ן קאָפּ
און טרייסעלט זי אַליין-שוין אויפ׳ן האַלז אַראָפּ.

און באַלד אין מאָרגען-גרינקייט, הויך אין תליה-קנופּ,
צעוויגט זיך עלענדיק אַ בלויער, קאַלטער טרופּ.

אָט ליגט ער שוין א בר-מינן אין גרוב פאַרשאָטען,
און איבער אים דער חייל לויפט אין מאַרש אין גיכען;
עס האָבן טויזענטער סאָלדאַטסקע פיס געטראָטען,
און מיט דער פלאַכער ערד דעם קבר אויסגעגליכען;
און זיכער אז זיין זכר וועט שוין זיין פאַרגעסען,
צופאָרען זיך די הענקער פריהשטיק אָפּצועסען.

דאָך שפּעטער שוין אַ ווײַלע, מיט דער זון צוזאַמען,
איז לעקערט אויפגעגאַנגען אין די רויטע פלאַמען.

עס איז אין קבר אין צעטראָטענעם געבליבען
פאַרהוילען נאָר דער מת, וואָס וועט דאָך באַלד צופוילען,
ווען הויך אַריבער קבר, מיט אַ שײַן אַ ליבען,
האָט אויפגעשײַנט דער העלד, וואָס ווערט שוין ניט פאַרהוילען;
ער איז פון „מיליטער־פעלד" ליכטיג אויפגעשטאַנען
אין קדושה־אַרעאל, וואָס קען שוין ניט פאַרוויאַנען.

ער האָט זיך איבער די מיליאָנען קנעכט פון צאַר דערהויבען,
און אויפגעוועקט דעם שטאָלץ און אויפגעוועקט דעם גלויבען.

אַן אָרעם געטאָ־קינד פון נידעריגסטען נידער,
אַ לעבען אַזוי קורץ, אַ לעבען אַזוי ביטער,
וואָס האָט אין אונזער גרויקייט אויפגעכּשוף׳ט ווידער
דעם אײַדעלסטען ראָמאַנס פון וואונדערליכען ריטער —
אַ ראַכע־נעמער פאַר׳ן כבוד דעם פאַרשוועכטען
פון קלאַס, וואָס איז געווען דער שפּל׳טער נאָך נעכטען.
אַ פאָרגייער, וואָס האָט, אין בײַשפּיל אין דערהויכטען,
אַ גרויסען קעמפער־דור מיט זײַן געשטאַלט באַלויכטען.



י. לעוויט

# דער יובילאַר און זיין לעבענס וועג

(ביי די טויערן פון דער „שטאָט פון האָפנונג״ — אַ נייער קאַפּיטעל אידישע קאַליפאָרניע)

ביידע שטעהען זיי ווי אַ קאָמבינאַציע, מיט וואָס זיך אױבערצוגעמען אין דער ברייט־פאַרצווייגטער געזעלשאַפטליכקייט פון ארבעטער רינג

די אינסטיטוציע און דער מענטש וואָס איז צו איר געקומען דורך זיין וואונדערליכן לעבענס־וועג.

די גרויסע אינסטיטוציע, וואָס הייסט „שטאָט פון האָפנונג״; און די פּערזענליכקייט פון פּנחס קאַרל: שוסטער פון לאָדז און היינט אין דעם קאַליפאָרניער מיליאָנערן־קלאַס; פון די ערשטע טוערס אין היסטאָרישן אי־דישן ארבעטער „בונד״ און איצט פון די פיינסטע טיפּן זאָרגערס פאַרן כלל; וואָס אין די הייניקע טעג פייערט מען זיין יובל פון זיבעציג יאָר לעבן. ביידע זיינען זיי אַ קאָמבינאַציע פאר א נייעם קאַפּיטעל אידישע קאַלי־פאָרניע.

* * *

צוריק מיט אַ פערציק יאָר (גענוי 41) האָט לאָס אַנדזשעלעס געהאַט א באפעלקערונג פון ניט מער ווי 275 טויזנט איינוואוינער. אידן האָבן זיך געציילט ארום פינף־זעקס טויזנט. אידישע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען ווייניג. אַט איז וויפיל־ניט־איז א בילד דערפון.

די אָרטאָדאָקסן האָבן באַלאַנגט צו דער אַליוו סטריט שול, וואָס עק־זיסטירט ניט מער; פון יענער עלטסטער און גרעסטער אָרטאָדאָקסישער שול איז נאָר געבליבן די קליינע קאָנגרעגיישאָן „בית ישראל״ אויף טעמפּל סטריט. עס איז אין יענער צייט געווען אויך אַ קליינער טעמפעל פון רע־פאָרמירטע אידן, וואָס האָט זיך געפונען אויף ניינטע סטריט און האָופּ. און געווען אויך אַ קליינע סינאַגאָגע פון קאָנסערוואַטיווע אידן אויף וויב־פילד עוועניו.

פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס זיינען דעמאָלט געווען צוויי: אַ באַדיי־טענדער לאָדזש פון ברית־אברהם, וואָס איז געשטאָרבן פון אלטקייט; און

דער יונגער, ניט לאַנג אָרגאַניזירטער ערשטער ברענטש פון קאַליפאָרניער אַרבעטער רינג, „248“.

פון דער היינטיקער צדקה פעדעראַציע איז נאָך נישט געווען קיין שפור. עס זיינען אָבער יאָ געווען באַזונדערע טשאַריטי־גרופּן, אָנגעפירט פון „יאהודים“, וועלכע האָבן קאָנטראָלירט אַ קליינעם האָספּיטאַל, אויף וואַהיטיער בולוואַרד, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „קאַספּאַר־קאָהן“, און אַ קליינע, יתומים־היים, וואָס האָט זיך געפונען אויף איסט עדעמס סטריט, אויף וועמען זיי האָבן געקוקט פון אויבן־אַראָפּ. זיי זיינען שוין געווען „נעיטיוו סאַנס“ פון קאַליפאָרניע, און די פון אונז — „גרינע“, נאָך ערשט־געקומענע פון מזרח־אייראָפּע.

עס האָבן זיך גענומען ווייזן צוויי מינים אידן, וואָס אין די אויגן פון די „יאהודים“ זיינען זיי געווען אינגאַנצן אומגעווינשט. זיי זיינען געווען געשיקט אַהער פון׳ם „רעמואַוועל אָפּיס“ פון ניו יאָרק, וואָס אָרגאַניזירט האָט אים דער באַקיר און פילאַנטראָפּ, יעקב שיף, אָבער מ׳האָט זיי דאָ איבער־געלאָזט אויף גאָט׳ס באַראָט; און עס האָבן זיך באַוויזן אויך קראַנקע, טובערקולאָזע אידן, מיט דער ערוואַרטונג, אַז די מילדע דרום־קאַליפאָרניער לופט וועט זיי פון דער קרענק אויסקורירן.

דער לאָס אַנדזשעלעסער „טשעמבער אָוו קאָמערס“ האָט אין יענע יאָרן פיל רעקלאַמירט די גרויסע מעלות פון קלימאַט ביי זיך. לויט די אָנאָנ־סען אין די צייטונגען איבערן גאַנצן לאַנד האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז די לופט, וואָס אַרום לאָס אַנדזשעלעס, איז ווי אַ באַלזאַם פאַר לונגען־קראַנקע. זיי דאַרפן נאָר אַהער קומען און זיי ווערן באַלד געהיילט. האָבן קראַנקע זיך ניט געלאָזט בעטן און זיינען אַהער געפאָרן, און צווישן זיי אידן, אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן, איבערהויפּט שניידערס און שוס־טערס, וועלכע זיינען טאַקע קראַנק געוואָרן פון דער „פּראָלעטאַרישער קרענק“ — ווי טובערקולאָז איז דעמאָלט געווען באַוואוסט.

דער אידישער געגנט דעמאָלט אין לאָס אַנדזשעלעס איז געווען טעמפּעל סטריט, אָט דאָרט וואו מ׳האָט איצט אויסגעבויט די בריקן פאַר דער „פרי־וועי“. דאָרט האָט זיך אויך געפונען די ערשטע אידישע קענדי־און־צייטונגס־סטאָר, פון וועלכע דער אייגענטימער איז אויך געווען אַ לונגען־קראַנקער. האָבן אַלע נייע געקומענע אידן פון די שטאָטן אין דער איסט געמאַכט יענע סטאָר אלס זייער בירזשע.

פאַר אַ לונגען־קראַנקען איז דעמאָלט געווען שווער צו געפינען אַ צימער אין אַ פּריוואַטער וואוינונג. מען האָט מורא געהאַט אַזאַ איינעם אריינצולאָזן צוליב די אָנשטעקענדע באַצילען פון דער קראַנקהייט. האָט מען אין „טייער׳ס בוך סטאָר“ געהאָלפן קריגן אַ דירה פאַר דעם ערשט געקומענעם קראַנקען.

פאר אַ צימער אין אַ האָטעל האָט דער קראַנקער געוועגליך קיין געלט ניט געהאַט; פלעגט מען קריגן „לעכער“ אין די אַלטע, שטויביגע און לופט־לאָזע רומינג־הייזער.

עלענדע, היימלאָזע יונגע אידישע ארבעטער זיינען די קראנקע געווען, אָן מיטלען צו קורירן זיך.

סאַניטאַריומס פאר לונגען־קראַנקע זיינען דוקא געווען עטלעכע. אָבער זיי זיינען ניט געווען צוגענגליך פאר די לונגען־קראנקע אידן. עס זיינען געווען אַ פּאָר „סעמאי־טשאַריטי“ סאניטאַריומס, האָבן די „יאהודים“ אָפּ־געדונגען אין זיי אַכט בעטן פאר אָרימע אידן.

עס זיינע אָבער געווען פיל מער, וואָס האָבן אין אַ סאניטאַריום זיך גענייטיגט. פלעגן די קראנקע קומען צו די מיטינגען פון דעם איינציגן אר־בעטער רינג ברענטש, וואו מען האָט אלע פרעמדע באַהאַנדלט מענשליך. ביי די מיטינגען האָבן די קראַנקע כאָטש געקענט פון הארצן זיך אָראָפּריידן.

מיט יעדן חודש און מיט יעדן יאָר איז די לאגע פון אַ עלכע געקר־מענע לונגען־קראַנקע געוואָרן אלץ ערגער. פיל פון די קראנקע האָבן אויס פארצווייפלונג זיך גענומען דאָס לעבן. עס זיינען געווען סצענעס וואָס מען האָט געפונען ליגן אין גאס בלוטענדע חולאים. עס איז געקומען ממש צו וועה־געשרייען ביי די מיטינגען פון ארבעטער רינג ברענטש. דער פּאָרזי־צער איז געווען אַ אַקטיווער אינטעליגענטער טוער פון ניו יאָרק, באַרנעט קאָהען. האָט מען אים אויפגעפאָדערט, אז ער זאָל רופען אַ ספּעציעלע פאר־זאמלונג, וואו מען זאָל זען וואָס עס קען געטאָן ווערן פאר די ליידענדע

און אזא פארזאמלונג איז געוואָרן, און הונדערטע מענשן זיינען גע־קומען, אליין ערשט איינגעוואנדערטע אין זיד קאַליפאָרניע, ווער ארבעטער און ווער פּעדלער, און זיי האָבן באַלד זיך אָפּגערופן מיט געלט־בייטראַגן, און מ׳האָט אַזוי געשאַפן הונדערט און פופציק דאָלאר, אז מ׳זאָל דערמיט אָנהויבן וואָס צו טאָן.

מען האָט באַלד אויך באַשלאָסן, אז מען זאָל אָרגאניזירן אין לאָס אנ־דזשעלעס אַ „דזשואיש קאָנסאָמפּטיוו רעליף אַסאָסיאיישאָן“. דער דער־מאָנטער באַרנעט קאָהען איז דערוויילט געוואָרן אלס פּרעזידענט; אַ דענ־טיסט, דר. הענרי סילווערבערג, אלס ווייס־פּרעזידענט; און אהרן שאַפּיראָ, דער דעמאָלסדיגער סעקרעטאַר פון ארבעטער רינג ברענטש, אלס דער פּי־נאַנס סעקרעטאַר.

די הילפס באַוועגונג איז פלינק געוואקסען, און ווען די טרעזשורי האָט פארמאָגט אַ פּאָר טויזנט דאָלאר איז באַשלאָסן געוואָרן צו זוכן לאנד פאר אַ סאניטאַריום.

פאר די ערשטע צען אקער לאנד, וואו די הייגטיגע „שטאָט פון האָפ־נונג" געפינט זיך, איז באַצאָלט געוואָרן צען טויזנט דאָלאר. איינגעצאָלט האָט מען וויפל מען האָט געהאַט. אָבער אזוי שנעל ווי די רייכע „יאַהודים" האָבן זיך דערוואוסט, אז די אידישע קבצנים האָבן געקויפט לאַנד פאר אן אייגענעם פאָלקס־אַנשטאַלט, איבער וועלכן זיי וועלן ניט האָבן קיין קאָנט־ראָל, און דערצו מיינענדיג, אז אזא אַנשטאַלט קען ברענגען אלע טובער־קולאָזע איד׳ישע אַרבעטער פון אנדערע שטאָטן, וואָס וועלן פאלן צו לאסט אויף דער אידישער געמיינדע, האָבן זיי געוואגט אריינצולאָזן זיך אין אַ פארשווערונג צו פועל׳ען ביי דעם „באָארד אָוו סופערווייזאָרס" פון דער קאונטי, אז מען זאָל אָנעמען א געזעץ, וואָס זאָל שווער מאָכן צו עפענען אזא אַנשטאַלט.

די אָנפירער פון דער באַוועגונג פאר א סאַניטאַריום האָבן באַצייטענס דערפון זיך דערוואוסט, און אזוי ווי אויף דאָס געקויפטע לאַנד איז געשטאַ־נען אַ ניט־פארענדיגטע גרויסע הויז, האָט מען באַלד אַלין אריינגענומען אייניגע קראַנקע. מען האָט אויך באַלד אָוועקגעשטעלט א פאָר לייוועגטענע טענטס. אַ פרייוויליגער דאָקטאָר האָט זיך אונטערגענומען צו העלפן די קראַנקע מיט מעדיציניִשע מיטלען, און אַ נוירס מיט אַ קעכין זיינען אויך אָנגעשטעלט געוואָרן. און ווען מען האָט איינגעזען, אז דער סאַניטאַריום פאר אידישע לונגען־קראַנקע איז געוואָרן אַ פאַקט איידער די גזירה איז פארהאנדעלט געוואָרן, האָבן די אָנפירער פון דער אידישער טשאַריטי־אַרבעט געפילט, אז זיי האָבן פארשפעטיקט, און זיי האָבן דעם געפּלאָנטען געזעץ צוריקגעצויגען.

די סאַניטאַריום־באַוועגונג איז אַוועק מיט אַן אימפעט. דער ערשטער פּרעזידענט באַרנעט קאַהען האָט ממש פארנאכלעסיגט זיין פאַמיליע און זיין געשעפט און זיך אליין, און ער האָט אינגאַנצן זיך געווידמעט דער אַר־בעט צו העלפן די לונגען־קראַנקע. ער האָט אויך אויסגעשפּרייט אַ פּראָ־פּאַגאַנדע אין די איסטערן שטאַטען, און די ערשטע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע צו געבן נאַציאָנאַלע אַנערקענונג צום סאַניטריום אין לאָס אנדזשעלעס איז געווען דער אַרבעטער רינג דורך זיין נציאָנאַלער קאָנווענשאָן אין יאָר 1914.

אין דער פארוואלטונג פון דעם אַנשטאַלט זיינען אַקטיווע מיטגלידער פון אַרבעטער רינג ממילא אימער געווען געהעריג פאַרטראָטען. די סאַמע אידעע פון אַרבעטער רינג — געגענזייטיגע הילף — איז פונקט אזוי געוואָרן דער הויפּט ציל פון סאַניטאַריום, און דאָס האַלט אָן עד היום, בעת דער סאַניטאַריום הייסט שוין „שטאָט פון האָפנונג", וואו זייט ביי זייט מיט דעם גרויסן און העכסט מאָדערנעם הייל־אַנשטאַלט פאר לונגען־קראַנקע ווערט איצט דערעפנט אַ שפּיטאָל פאר קענסער־קראַנקע.

און אויך אין דעם שפּיטאָל פאַר קענסער־קראַנקע וויל דער אַרבעטער רינג נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל; און אויך דאָ צילט ער אַנצוהאַלטן דעם גייסט זיינעם פון עכטער פריינטשאַפט און קעגנזייטיגער הילף.

ס'איז אַ נייער קאַפּיטעל אידן און אַ נייער קאַפּיטעל אַרבעטער רינג ביי די טויערן פון דער „שטאָט פון האָפנונג".

* * *

פּנחס קארל געהערט בפירוש ניט צום דור „יאהודים" וואָס האָבן געשטעלט א מחיצה צווישן זיך און אנדערע אידן. ער קען גאָר געשאַצט ווערן ווי אַ רעוואָלט קעגן „יאהודימשען" סנאָביזם. און גאנץ נאַטירלעך אַזוי. ער האָט קיינמאָל זיך ניט צושיידט מיט'ן פייערל, וואָס איז אים אריין אין האַרצן בעת ער איז נאָך געווען פּנחס דער שוסטער פון לאָדז, און וואָס אָט דער פייערל האָט אים אריינגעבראַכט אין „בונד".

זיין פּערזענליכקייט איז ווערט אַ שטודיום. ווי איך האָב שוין אין אָנפאַנג פון אַרטיקל אָנגעוויזן, ווערט ער געשאַצט אַלס מיליאָנער. די „קארל שיך קאָמפּאַני", פון וועלכער עדר יובילאַר איז געווען דער גרינדער, און געבליבן דער גאַנצער אייגנטימער, באַזיצט ניט ווייניגער ווי ווייט אריבער הונדערט און פופציק סטאָרס, און זיי געפינען זיך אין די פיר שטאַטן פון דער וועסט: קאַליפאָרניע, אָרעגאָן, וואשינגטאָן און טעקסעס. און ווען מען נעמט אין אַכט, אז סך־הכל זיינען אַוועק אַ פּאָר צענדליק יאָר זינט ער איז אליין געזעסן ביים שוסטערשען ווארשטאַט, ביי וועלכן ער פלעגט פאַרריכטן שיך, שטעהט מען ווי פאַר אַ וואונדער ווי אַזוי ער איז געקומען צו זיין איצטיגער עשירות. דער סוד איז אין זיינע פעהיגקייטען אָפּצושאצן דעם פּראָגרעס פון מענטשען און פון שטעט.

אפילו איצט, ווען קארל האָט אזויפיל העלפערס אין זיינע ביזנעס — דזשענעראַל מענעדזשערס און לאָקאַל מענעדזשערס און אַ ריזיגער סטעף מיט אָנגעשטעלטע — אפילו איצט איז ער אַלץ ניט ווייניגער אַקטיוו ווי ער איז דאָס פריהער געווען. ווען עס קומט צום איינקויפן זיינע גרויסע סטאָקס שיך פאַר די איבער 150 סטאָרס, פאָרט ער נאָך אַלץ אַליין, אָדער צוזאַמען מיט זיין מענעדזשער, אין דער איסט און מיטל־וועסט. ער באַזוכט אויך אָפט אַלע זיינע סטאָרס פּערזענליך, כאָטש די סטאָרס ליגן צוואָרפן אויף אַ פּאָר טויזנט מייל. און ניט געקוקט אויף דעם אלעמען, איז ער אויסערגעוועהנליך אַקטיוו אין פאַרצווייגטען געזעלשאַפטליכן לעבן.

פאַר אַ צייט איז ער געווען דער פּרעזידענט פון לאָס אַנדזשעלעס סאַניטאָריום און עקס־פּעישענטס האָום פאַר די טובערקולאָזע קראַנקע. און ער איז געווען ניט נאָר אַ פּרעזידענט אין דעם נאָמען, נאָר זעהר אַן אַקטיווער

פּרעזידענט מיט אַלע זאָרגן, פאַראַנטוואָרטליכקייטן און אָנגעשטרענגטע טעטיקייטן. האָט ער אָנגענומען דעם אַמט, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט זיין גאַנצער ענערגיע און פעהיגקייט. דאָס איז זיין כאַראַקטער. ער איז אַ פיהרער אין ריכטיגן זין פון וואָרט.

פּנחס קאַרל איז פיל יאָרן געווען אַ מיטגליד אויך אין דער באָארד אָוו דירעקטאָרס פון אידישן קאָמיוניטי קאָונסיל און אין דער עקזעקוטיוו באָארד פון פאַראייניגטן אידישן וועלפעיר פאָנד קאַמפּיין, און ער איז אויך איצט אַ וויים־פּרעזידענט פון אידישן אַרבעטער קאָמיטעט און אויך אַ גרויסער אָנהענגער פון דער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט פון „אָרט" און פון אידישן וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט.

דערצו ווערט ער כסדר צוגעצויגן צו אַנדערע אונטערנעמונגען און ניי־געשאַפענע באַוועגונגען. ער איז דירעקטאָר פון סידערס אָוו לעבאַנאָן האָספּיטאַל און אין מאונט סיני האָספּיטאַל און קליניק אַסאָסיאיישאָן; אַ דירעקטאָר אין מערערע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס ס'וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ זיי אויסצורעכענען. מען קאָן אפילו פרעגן: ווי קען איין מענטש זיך צוריסן אויף אַזוי פיל טעטיגקייטן? ענטפערן דאַרויף קען מען נאָר מיט דעם כאַראַקטעריסטיש אידישן פאָלקס ווערטל: „אַט זעט איר דאָך"!

דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות האָט קאַרל'ען אַמאָל פאָרגעשלאָגן, אַז ער זאָל זיך נעמען אַ פּריוואַטן סעקרעטער פאַר זיינע פילע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס. האָט קאַרל דעם דאָזיגן פאָרשלאָג באַטראַכט ווי אַ שפּאַס און געזאָגט: „נאָך דאָס פעלט מיר צו האָבן! אַ פּריוואַטן סעקרעטאַר גאָר? וואָס בין איך עפּעס אַ גרויסער מענטש?"

געבוירען געוואָרן איז פּנחס קאַרל אין דער פּוילישער מאַנופעקטור שטאָט לאָדז, אין אַן אָרימער פאַמיליע. אויך זיין פאָטער איז געווען אַ שוסטער. קאַרל'ס מוטער האָט געבראַכט אויף דער וועלט ניט ווייניגער ווי אַכצען קינדער. די קינדער האָבן זיך אָבער לאַנג ניט געהאַלטן אין אָרימען הויז. פון די אַכצען קינדער זיינען געבליבען נאָר דריי: ער, פּנחס דער שוסטער, און צוויי שוועסטער. איינע פון זיי, מרס. הערי גאָלדבערג, וואוינט אויך אין לאָס אַנדזשעלעס. די צווייטע איז געבליבן אין לאָדז. קאַרל פלעגט זי אויסהאַלטן ביז די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, אָבער ער האָט פון איר ניט געהערט זינט דאַן. זי איז אַוועק אין פייער מיט אַלע פּוילישע אידן.

פּנחס איז איינגאַנצן אַלט געווען ניט מער ווי פערצן יאָר ווען ער איז אַריין אין אידישן אַרבעטער „בונד". און גלייך האָט ער זיך אויסגעצייכנט אי מיט אַ רעדנער טאַלאַנט, אי מיט זיין פּראַקטישן פאַרשטאַנד, אי מיט זיין אומבאַגרעניצטער ענערגיע. און ער איז פאַרבליבן זיין גאַנצן לעבן אַ בונדיסט. און יעדן מאָל, ווען עס קומט צו רייד וועגן זיין סוקסעס אין געשעפטן, גיט ער קרעדיט דעם „בונד" פאַר געבן אים אַן אינהאַלט אין לעבן און

א מעגליכקייט זיך אויסצוצייכענען. דעמאָלט, הייסט עס, האָט זיך אָנגע־הויבן זיין לעבענס־וועג.

אַ באַשיידענער, האָט ער פיינט צו ריידן וועגן זיך. נאָר איינמאָל, ביי א געוויסער געלעגענהייט, האָט ער גערעדט מיט בענקשאַפט וועגן זיינע יוגנט יאָרן. דער אידישער ארבעטער „בונד" איז נאָך אליין ערשט געווען געקומען אויף דער וועלט, און צו זיין א בונדיסט האָט געשמעקט מיט אן אומלעגאַלן לעבן, האָט ער, פּנחס קארל, ניט געקוקט אויף געפאַהרען, זיך אריינגעוואָר־פען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און ער איז אין איר שנעל גע־שטיגן. „פון פּנחס דעם שוסטער — האָט קארל דערציילט, — האָט דער „בונד" פון מיר געמאַכט א פּראָפעסיאָנעלען פירער". און עס האָט דערמאָלט זיך אָנ־געפאַנגען פאר׳ן שוסטער־יונג א וואנדער־לעבן. די אָרגאניזאַציע האָט אים צוגענומען פון לאָדז און געשיקט קיין וואַרשע; און ווען מ׳האָט אים נאָכדעם געשיקט פון ווארשע קיין ריגע, האָט מען אים באַשטימט דאָרט אלס מיטגליד אין שטאָטישן קאָמיטעט פון „בונד", וואָס אין יענער צייט האָט עס געהיי־סען, אז ער איז געווען דער הויפּט איבער אלץ וואָס דער „בונד" האָט אָנ־געפירט: אָרגאַניזירן די ארבעטער אין פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען, רופן סטרייקס, פיהרען סטרייקס און אויך זיין דער אָנפירער פון פּאָליטישען קאַמף געגען דער צאַרישער רעגירונג.

מיט אַ יאָר שפּעטער איז פּנחס דער שוסטער שוין ווידער געווען אין זיין היים שטאָט לאָדז, אָבער ניט אויף לאַנג. ער איז ארעסטירט געוואָרן, און נאָך זיין באַפרייאונג איז ער אוועק קיין אַמעריקע, און אין יאָר 1902, אין עלטער פון צוואַנציק יאָר, איז ער אָנגעקומען צו זיינע לאנדסלייט אין דער שטאָט פּעטערסאָן, ניו דזשורזי.

אין פּעטערסאָן זיינען אלע לאָדזער געווען וועבער, איז אויך קארל גע־וואָרן אַ וועבער. אין יענער צייט האָט מען אין אַמעריקע אָנגעפאנגען גריג־דען „בונד" ברענטשעס. איז ער באַלד נאָך זיין קומען אויך אין בייעם לאנד געוואָרן אַן אַקטיווער בונדיסט. אויך איז ער געווען איינער פון די גרינדער פון ברענטש דרייצען פון׳ם ארבעטער רינג אין פּעטערסאָן און אַ מיטגליד אין דער דאַמאָלסטדיגער „פאָרווערטס פּרעס פּעדערייישאָן", די אָרגאַניזאַ־ציע, וואָס האָט באַנייט דעם „פאָרווערטס". זינט יענער צייט איז קארל פאר־בליבן אויף שטענדיג ניט נאָר א געטרייער לעזער פון „פאָרווערטס", נאָר טאַקע אויך אַ „פאָרווערטסיסט" און אַן אויסערגעוויינלעכער פאַרהערער פון אב. קאַהאַן, דעם גרינדער פון „פאָרווערטס".

און אין פּעטערסאָן האָט קארל אויך באַגעגענט זיין צוקונפטיגע פרוי, רייזעל, און זייער הייראַט איז געווען אַ גליקליכער אויפן גאַנצען לעבען. תמיד ווי צוויי חברים. ראָוז דערציילט וועגן פּנחס׳עס באַשיידנקייט, וואָס זי האָט זיך גאָר באַדאַרפט ערקלערן אין ליבע צו אים, אַנשטאָט ער צו איר.

באַלד נאָך דער חתונה זיינען די קארלס אַוועק נאָך לאָס אַנדזשעלעס. דאָס איז געווען אין יאָר 1905. און דעמאָלט איז לאָס אַנדזשעלעס נאָך געווען מיט וועניגער פון צוויי הונדערט טויזנט באַפעלקערונג. די „הויפּט אינדוסטרי" איהרע איז דאַן געווען — האָטעלן פאר קראַנקע אויף טובערקולאָזיס און פאר טוריסטן, וועלכע זיינען געקומען אויסשפּירען דעם אויסערגעוועהנליכן קאַליפאָרניער קלימאַט, פון וועלכען זיי האָבען געהאַט געהערט. אייגענטליך זיינען די קארלס אליין געפאָרען אזוי ווייט צוליב דעם, וואָס אייגענע אין דער פאמיליע האָבן זיך שטאַרק גענויטיגט אין קאַליפאָרניער קלימאַט.

אזוי ווי קיין וועבעריי איז אין לאָס אנדזשעלעס ניט געווען, איז פּנחס ווידער געוואָרן אַ שוסטער. און שוסטעריי האָט געמיינט ניט צו פאבריצירן שיך, נאָר פּשוט צו פאריכטן אלטע שיך און פארקויפן די פארלאטעטע שיך צו אָרימע ארבעטער אָדער גאָר צו טרעמפּס. ווען קארל האָט אין יאָר 1913 געעפענט זיין ערשטע סטאָר פון נייע שיך, איז עס אויך געווען אַ סטאָר פאר ארבעטער און צוזאַמען מיט דער סטאָר פון נייע שיך, האָט ער אָנגעהאַלטן א וואַרשטאַט אויף צו פאררירכטן אלטע שיך, ביי וואָס ער האָט נאָך אַליין געארבעט.

און אויך אין לאָס אַנדזשעלעס איז ער, באַלד נאָך זיין אָנקומען, אַקטיוו געוואָרן צווישן דער קליינער גרופּע ראַדיקאַלן. און ווען מען האָט געהאַלטן ביים גרינדען אן ארבעטער רינג ברענטש אין יאָר 1908, איז ער געווען איינער פון די גרינדער.

לאָס אַנדזשעלעס איז געוואַקסען און קארל'ס שיך־געשעפט איז מיטגעוואקסען, און ער איז פאר א צייט פון די ביזנעס ווי פארכאַפּט געוואָרן. ער האָט זיך אויסגעשלאָסן פאר א רייהע יאָרן פון דער געזעלשאַפטליכער וועלט און זיין גאנצע ענערגיע און אלע זיינע פּראַקטישע און אָרגאַניזאַטאָרישע פעהיגקייטן, וואָס דער אידישער ארבעטער „בונד" האָט אין אים אנטוויקלט, האָט ער געווידמעט צו זיין באַרוף אויפ'ן עקאָנאָמישען פעלד. ער האָט פון אָנפאַנג פּרובירט פארשיידענע נייע, אייגענארטיגע ביזנעס־וועגען און מיטלען. ער האָט עקספּערימענטירט ביז ער האָט דערזעהן ווי אזוי ער קען אָנשלאָגען ערפאָלג, און ער איז צום ערפאָלג געגאַנגען דורך א זיכערען וועג.

די קארלס האָבן צוויי קינדער. א זון און אַ טאָכטער ביידע שוין פארהייראַט. דער זון, אַ געענדיגטער לאָיער, איז מיט'ן פאָטער אין די ביזנעס. און אויך זיי, די קינדער, זיינען ערצויגן געוואָרן, אין גייסט פון זייערע עלטערן, צו האַנדלען קאָנסערוואטיוו, אָבער קיינמאָל ניט צו פארגעסן די ארומיגע מענשן.

דאָס איז קארל'ס אייביגער קול אין הארצען. „ניט פארגעסען ארומיגע מענשען!" און ער האָט זיך אַ קער־געטאָן צו גאָר גרויסער געזעלשאַפטליכער

ארבעט, צו העלפן אלע וויכטיגע באַוועגונגען, אין וועלכע די פּראָגרעסיווע אידישקייט פון אמעריקע איז פאראינטערעסירט.

ער איז אַ פּאָלקס מענטש. אָבער אַ העכסט אינטעליגענטער פּאָלקס מענטש. אפילו אין די יאָרען ווען ער האָט זיין גאנצע צייט געווידמעט צו ביזנעס, האָט ער זייער פיל געלייענט. ער איז גוט באַקאַנט מיט דער אידי־שער ליטעראטור און מיט די אידישע שרייבער און פּאָליטיקער און מיט די אידישע באַוועגונגען סיי אין אַמעריקע, סיי אין דער אלטער וועלט. און פּאָליטיש איז ער פארבליבען אַ סאָציאל דעמאָקראט, מיט דער איבערציי־גונג, אז די איצטיגע סיסטעם פון רייך מאַכן איינצעלנע און פאראָרימען די מאַסן מוז פארביטען ווערן אויף אַ סיסטעם פון אינדוסטריעלער גלייכהייט, אָבער דער בייט מוז געמאַכט ווערן מיט לויטער דעמאָקראטישע מיטלען, אום דער בייט זאָל באַלד ברייגנען גליק, אַנשטאָט אומגליק.

א מענש פון גרויסע געשעפטען און אַן אָפענהארציגער סאָציאַליסט, און ער זוכט ניט צו פארלייקענען זיינע איבערצייגונגען פאר קיינעם, איז ער אַ געשטאַלט פון כאַראַקטער. ער פירט אַ באַשיידענעם לעבן. ער וואוינט מיט זיין פרוי אין אַ קליינער הויז. און ניט געקוקט דערויף, וואָס ער קומט זיך צוזאַמען מיט אַנדערע רייכע ביזנעסלייט, שעמט ער זיך ניט אויף אַ האָר מיט זיין שוסטעריי. פאַרקערט, ביי פארשיידענע געלעגענהייטן ערקלערט ער גאָר אין לויף פון אַ געשפּרעך: „אַי עם עי שוהמייקער“. און אזוי זיך אָנצוגעבען איז אויך אַ טייל פון זיין כאַראַקטער.

מיט דער געטריישאַפט פון א לעבענס־חבר'טע איז ראָוז קאַרל ביי זיין זייט וואָס נאָר ער אונטערנעמט אין געזעלשאַפטלעכער ארבעט, און זי גיט אליין אויך באַדייטענדע ביישטייערונגען. און ווי ער אזוי איז זי איבערגעגעבן דער סאָציאַליסטישער און ארבעטער באַוועגונג, אוןביידע האַלטן זיי אָן זייער גרויסע ליבע צום אידישן ארבעטער „בונד“. שטעלען זיי צונויף א מוסטער פון דעם, וואָס די אידישע ארבעטער באַוועגונג האָט אין זיי איינ־געפלאנצט אידעאַליזם, ניט צו ווערן געענדערט פון קיינע אומשטענדען. עס איז אַ גליק פאר א שטאָט, אָדער פאר אַ געמיינדע, צו האָבן אין זייערע רייען אזא פּאָר פּאָלק.

* * *

די צייט האָט אַוועקגעפירט קארל'ען ווי אונז אלעמען, צו אינטערנאַ־ציאָנאַל אידישע נויטן און פּראָבלעמען און שטרעבונגען, אָבער דער יסוד זיינער פאר אלע זיינע איבערקלייבענישען וואו יאָ מיטצואַרבעטן און וואו ניט, איז געבליבן אין דער געזעלשאַפטליכקייט פון ארבעטער רינג. און פון אלע הילפס־אינסטיטוציעס, וואָס באַרופען זיך אויפן אידישן לעבן אין אמעריקע, איז אים צום ליבסטן מיטצואַרבעטן פאר די ווייטערע אַנטוויקלונגען פון דער

„שטאָט פון האָפנונג", וואָס איז אין דעם גאַנג פון די יאָרן ארויסגעוואקסען פון דעם סאַניטאַריום און דער עקס-פּיישענטס האָום, און צילט איצט צו ווערן א צענטער אין דער מלחמה מיט קענסער-קראנקהייט. הגם פאָרמעל איז ער איצט ניט דער הויפּט-בעאַמטער, לאָזט דער יובילאַר ניט דורך קיין געלעגענהייט זיך ארייננצוכאַפּען אין דער „שטאָט פון האָפנונג" צו זען וואָס עס קומט פאָר. און כסדר ברענגט ער אהין געסט צו זען אלץ אינאיינעם מיט אים. און פארשטעהט זיך, אז דערביי רופט ער זיך אָפּ מיט בייטראָגן פאר די נויטן, וואָס ער געפינט דאָרטן. די „שטאָט פון האָפנונג" איז אים ווי אַ טייל פון זיין לעבענס-אומגעבונג, און אלע טוערס, וואָס ארום איר, קוקן אויף אים ווי ער איז איר ליכטיגסטער מענש. יאָ, דאָס וואָס ער איז דער מיליאָנערישער מיטגליד פון ארבעטער רינג — ער איז דער ליכטיג-סטער מענש ביי די טויערן פון דער „שטאָט פון האָפנונג", געקומען אהין דורך זיין וואונדערליכן לעבענס-וועג.

לעצטן ווינטער האָט די אָקזילערי „מעדיקעל-סענטער עידס" געזוכט פּראָמינענטע מענטשן, וועמען איבערצוגעבן איר יערלעכן „עוואָרד", — „דעם פאקעל פון האָפנונג". האָט זי געפּייערט קאַרל'ס א געבורטסטאָג, און אים איבערגעגעבן אלס מתנה דעם דערמאָנטען „עוואָרד".

און די גרויסע פראטערנאַלע אָרגאַניזאַציע, דער ארבעטער רינג, באַ-טראכט דאָך אודאי קאַרל'ען אלס איריגען. איז ער דאָך געווען פון די וועלכע האָבן געגרינדעט דעם ערשטען ארבעטער רינג ברענטש אין לאָס אנדזשע-לעס מיט קנאַפּע 43 יאָר צוריק און ער איז אימער טריי געבליבן די אידעאַלען סיי פון ארבעטער רינג, סיי פון די אנדערע צווייגען פון דער דעמאָקראַטיש סאָציאַליסטישער באַוועגונג. און טאַקע א דאנק זיין ברייט-האַרציקייט איז די לאָס אַנדזשעלעסער דעמאָקראטיש סאָציאליסטישע באַוועגונג אַוועקגע-שטעלט געוואָרן צווישן די וויכטיגסטע שטעט פאר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג איבער גאַנץ אַמעריקע. און בעת ער העלפט אַוועקשטעלען אויף אַ העכערען שטאַנד דעם גאַנצן אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאָס אַנדזשעלעס, איז ער עס דאָך געווען וואָס האָט מיט זיין ביישטייערונג גע-האָלפען בויען דעם וועסט סייד ארבעטער רינג צענטער אויף פּיקאָ בולוואַרד. ער איז אויך געווען דער, מיט איבער א צענדליק יאָר צוריק, וואָס האָט מיט זיין געלט און מיט זיין איינפלוס געהאָלפן בויען און שפּעטער באַפרייען פון אלע מאָרטגעדזשעס דעם וולאַדעק צענטער אויף סיינט לואיס סטריט. און יאָרן פאר דעם האָט מען אַ דאנק קאַרל'ן אָפּגעקויפט אן אלטע געמויערטע געביידע פון דער טעלעפאָן קאָמפּאַני, וועלכע מען האָט איבערגעבויט און צורעכט געמאַכט פאר דער ערשטער אייגענער היים פון דער אידיש סאָציאַ-ליסטישער באַוועגונג, וואָס האָט געדינט ווי א צענטער פון וואנען אָפּצו-



פאַמיליע בילד: פנחס און ראָוז קארל; זייער זון הערי און טאָכטער סערע (איצט מרס. פאָלאק)

---

שלאָגען די אַטאַקעס פון קאָמוניזם מיט פארזוכען צו פארכאַפּען דעם ארבעטער רינג און דעם אידישן ארבעטער קאָמיטעט.

נאָר דער ארבעטער רינג און די „שטאָט פון האָפנונג“, ביידע זיינען זיי דאָך גלייך אין אָנהויב געוואָרן ווי אַ צווילינג וועלכע מ׳קען ניט צוטיילען, און דורך פנחס קארל זיינען זיי אזוי ווייטער געוואָקסען אינאיינעם.

און ווען דער געשיכטע־שרייבער וועט וועבען די גאָלדענע פעדים פון „שטאָט פון האָפנונג“ און פון ארבעטער רינג, וועט עס זיין ווי א ביאָגראפיע פון דעם יובילאר. און עס וועט זיך דאַרטען, אָהן צווייפעל, זאָגען, אז גע־וועהנליך האַלט מען דאָך, אז א געזעלשאַפטליכער טוער לעבט זיך אויס נאָר אין זיין צייט און אין זיין סביבה, אָבער פנחס קארל האָט עס ארויי־בערגעשטיגען. ער האָט מיט זיינע מעשים געבויט מאָנומענטן, אינסטיטו־ציעס, אַנשטאַלטען צו העלפן קראנקע געזונט ווערן, און אָרימע צו קענען זיך שטעלן אויף די אייגענע פיס, און טעמפלען וואו געדאנקען וועגן מענטש־ליכער גלייכהייט, פרייהייט און ברידערלעכקייט זאָלן אייביק געפּרעדיגט ווערן.

ווינש איך אים איצט צו זיין פייערונג פון 70־טען געבוירענטאָג נאָך פילע, פילע ניצליכע יאָרן פון געזעלשאַפטליכער און פערזענליכער פּראָדוק־טיווער טעטיקייט.

פונ׳ם ספר׳ל „בונדיסטען״, וואָס דער שריפטשטעלער האָט פארעפענטליכט מיט פיל יאָרן צוריק. די פאָלקס־טימליכע העלדען־געשטאַלטען אינ׳ם אידישן סאָציאַ־ליזם, צוניפגעקליבען און קינסטלעריש געשילדערט אינ׳ם סטיל פון יעקב פאַט רופען ארויס קדושה־גע־פילען. אָט אין יענער פארגאַנגענער וועלט אין יסורים האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט דער יובילאַר, און יעקב פאט ווי אַ יאָרען־לאנגער פריינט זיינער וויד־מעט אים איצט די דראמע פון סערגעי און בענצל אין די „צוויי קייטלעך״. —רעדיקציע.

# צוויי קייטלעך

1.

— זעט אָט די פאָטאָגראפיע... — האָט זיך אָנגערופן די באַלעבאָסטע פון דער נידריגער בוידעם־דירה — זעט אָט די פאָטאָגראַפיע....

זי האָט פון איר אַלטן הילצערנעם קופערט, אין וועלכן די באָבע האָט נאָך געהאַלטן אויסשטייערן, ארויסגענומען אַ פארוויקלט פעקל, אָפּגעבונדן דעם דינעם שנירל, ארויסגענומען פון דאָרטן אַ פאָטאָגראפיע־בילדל און עס צוגעטראָגן:

— דאָ וועט איר זיי זען...

ביי דער מיטליאָריגער באַלעבאָסטע פון דער בוידעם־דירה האָט אָנ־געהויבן צו גלאַנצן דאָס פנים, די אויגן און דער שמייכל פון די אויגן זענען געוואָרן יונגער, און אַ האַלב געזיכט האָט זיך פארדרויטלט, און פון זיך אליין האָבן זיך די טונקל־בלאָנדע האָר צעוואָרפן איבערן שטערן.

— אָט דאָס איז ער...

אויף דעם פאָטאָגראַפישן בילדל זענען געווען צוויי. איינער מיט אַ בלאָנד בערדל, מיט ווייך אַראָפּגעלאָזטע האָר ביי דער זייט פון געזיכט, מיט האַלב־פארמאכטע פרומע און ערליכע אויגן אין אַ שווארצער בלוזע צוגע־וויקלט מיט אַ שנור, מיט אַ פאָר נידעריגע, ווייכע שטיוול אויף די פיס. דער צווייטער איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער — אַ יונגל פון אַ יאָר זיבעצן. אין אַ גרוי כאַלאַטל, מיט א לענגלעך־סמוגלען פנים פון אַ יונגער נזירות,

מיט אַ מסירת־נפש אין האַלב־איינגעבויגענער פּלייצע, מיט אַ דבקות און עקשנות אין ביידע אָפענע אויגן.

די באַלעבאָסטע האָט פאַרכאַפּט אָטעם, עס איז איר הייס געווען אין קול און זי האָט געוויזן אויפן יונג־בחורל:

— אָט דאָס איז ער, דער יונגער, מיין ברודער...

און זיי ביידע, סיי דער עלטערער און סיי דער יונגערער האָבן געהאַט קליינע אַרעסטאַנטן־קייטלעך אויף זייערע פיס.

— מיט קייטן...

און פון אונטערן בילד אַן אויפשריפט פון פאָטאָגראַפיסט: פאָטאָגראַ־פיע גרעטשאַניקאָוו, יאַקוטסק.

עס האָט אַ ווײ־געטאָן פון די וועגן פון דער לעגענדע. עס האָט אַ פלאַ־טער־געטאָן פאַרן האַרץ: סיביר... און אין דער שטילקייט פון בוידעם־שטיבל האָט זיך אויסגעלייגט אַ שטומער ווידערקויל פון צוויי קייטלעך, וואָס קלינגען אויף די פיס.

— דאָס איז ער, בענצל...

2.

דאָס איז געווען שוין מיט צוויי צענדליג יאָר צוריק אין דער וועבער־שטאָט הינטער לאָדז.

יענער מיט'ן בלאָנדן בערדל און מיט די נידעריגע ווייכע שטיוועלעך אויף די פיס האָט געהייסן חבר סערגיי. געקומען איז ער אין שטאָט אַראָפּ פון דערווייט מיט אַ קוויטעלע און אַן אָנזאָג, אַז ער דאַרף דאָ פאַרבלייבן.

— סערגיי פון בונד...

אַ שטימע האָט געהאַט דער דאָזיגער סערגיי אַ ווייכע און גלאַט־סאַ־מעטענע. ער פלעגט רעדן שטיל און טיף אַזוי אין האַרץ אריין, און מיט ביידע אויגן קוקן ערגעץ ווייטער פון דעם מיט וועמען ער רעדט.

דער דאָזיגער סערגיי האָט זיך נאָכדעם אָפּגערוקט אָן אַ זייט פון אַלץ און פון אַלעמען. מען האָט זיך גע'חדוש'ט הלמאי זעט מען אים ניט — ניט אויף די פאַבריקן, ניט אויף די פאַרזאַמלונגען. זעלטן־ווען מען באַ־געגנט אים אין גאַס.

עס האָבן זיך צווישן די בונדיסטן אַרומגעטראָגן פאַרשידענע סודות'־דיגע קלאַנגען וועגן דעמדאָזיגן בלאָנד־באָרדיגן סערגיי. מען האָט זיך דער־ציילט וועגן ווילד־משונה'דיגע פּלענער, וואָס ער אַרבעט דאָרטן אויס וועגן די מיניסטאָרן און דעם קייסער און דעם גובערנאַטאָר. מען האָט אויך גאָר גערעדט, אַז ער האָט גאָר חרטה געהאַט אויף אַלע זיינע פריערדיגע מעשים, איז געוואָרן אַ בעל־תשובה און ער לערנט גאָר גמרא ביי זיך אין שטוב און זאָגט תהלים. און קיינער ווייס ניט פון וועמען עס שטאַמען די אלע קלאַנגען.

מער ניט מען האָט געוואוסט, אז דער קליינער זעכצן־יאָריגער בענצל גייט צו אים אלע טאָג אין שטוב אריין.

— וואָס טוסטו דאָרטן, בענצל, ביי אים?

— איך העלף דאָרט אים אין שטוב... ער וואוינט דאָך אליין...

— און וואָס נאָך טוסטו דאָרטן?

— מער גאָרניט. גיי פאר אים אַ גאַנג.

— און וועגן וואָס רעדט ער מיט דיר?

— וועגן קיין זאַך ניט...

נאָר די יונגע אויגן פון שוואַרצהאָריגן אינגלישן בענצל האָבן עפּעס פאַרשטעלט הינטער זיך און אלע האָבן באַמערקט אז די דאָזיגע אויגן ווייסן עפּעס, וואָס דאָס מויל וויל ניט דערציילן.

3.

עס איז געווען אַן איינפּאַכער זומערדיגער טאָג, ווען די גאַנצע שטאָט האָט אויפגעקאָכט.

אומגעריכט, פּלוצלונג איז דאָס אַלץ פּאָרגעקומען.

— פּאָליציי האָט געפּאַקט אַ דרוק און אין טורמע אַוועקגעפירט אים, סערגייען, מיט דעם קליינעם בענצל.

פּאָרגעקומען איז דאָס אייגנטליך, אזוי:

אַ זייגער איינס ביינאַכט איז פּאָליציי צוגעקומען צום הויז, דאָס קליינע געהיימע דרוקל האָט שוין ניט געאַרבעט. סערגיי איז געזעסן ביים טיש און געגעסן אַוונט־ברויט. בענצל האָט געקנייטשט די פּאַפּירן, וואָס זענען נאָך פייכט געווען פון דרוק. זיי ביידע האָבן דערהערט אַ פּאָליציי־גערודער אין מיטן דער נאַכט. אַנטלויפן קען מען ניט. געבליבן איז נאָר דאָס פענסטער פון צווייטן שטאָק. עס זאָל געלונגען קען מען געראַטעוועט ווערן. ביז פּאָליציי וועט ארויפקומען קען נאָך אַוועקגיין אַ צענדליק מינוטן. דאָס גאַנצע ביסל שריפט, פּאַפּיר און וואַלצלעך האָט מען שנעל אַריינגעוואָרפן אין אַ זעקל. סערגיי בלייבט אין שטוב און בענצל שפּרינגט דורכן פענסטער מיטן זעקל:

— איינס, צוויי...

און בענצל איז אַראָפּגעשפּרונגען. ער איז געפאַלן און לכתחילה געמיינט, אז ער האָט ביידע פיס צעבראָכן, אזוי איז נישט געווען, אָבער אויפהויבן זיך האָט ער בשום אופן ניט געקענט. ער האָט געוואוסט, אז אַט נאָך איין רגע איז אַלץ פאַרפאַלן. פּרובירט ער, שטאַרקט זיך, אָבער די פיס זענען, ווי קלעצער. האָט ער אויפ׳ן הויף אָנגעהויבן קריכן אויף אַלע פיר, געשלעפּט מיט זיך דאָס זעקל. געשלעפּט אין דער פינצטער מיט די לעצטע כחות. זיך דערשלעפּט מיט דעם לעצטן אָטעם ביז צום גרוב אויפן הויף און דאָרטן דאָס זעקל אריינגעוואָרפן, געפינען וועט מען שוין ניט.

מער רירן זיך פון אָרט האָט ער שוין ניט געקענט. אָבער דאָ בלייבן ליגן טאָר מען נישט. דאָ ביים גרוב, וואו ער האָט די דרוק אריינגעוואָרפן, האָט ער זיך ווידער געשלעפּט צוריק אויף אַלע פיר, אויפ׳ן בויך. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אז די פיס זענען אים צעבראָכן אויף שטיקלעך. האָט ער זיך אַזוי לאַנג געשלעפּט אויף אַלע פיר ביז ער איז געבליבן ליגן אין אַ פאַרזאָרגט ווינקל און שוין — מער קריכן קען ער ניט.

און ער האָט אַזוי איינגעדרעמלט ליגנדיג אויפן הויף.

שפּעטער האָט די פּאָליציי געפונען סערגייען. נאָכדעם דעם קליינעם בענצל אויפן הויף אַ שלאָפנדיקן.

— וואָס טוסטו דאָ?

— אַזוי. איך שלאָף.

— הויב זיך אויף.

— איך קען ניט...

— וואו זענען די פּראָקלאַמאַציעס, דער דרוק?..

— איך ווייס נישט, וואָס איר רעדט...

און הגם מען האָט גאָרנישט געפונען, אויסער אַ ביסל פארב און גלאַט פּאַפּיר אין שטוב, האָט מען זיי אָפּגעפירט אין טורמע. פון דאָרטן קיין לאָדז, פון לאָדז — אין סיביר.

די באַלעבאָסטע פו דער בוידעם־דירה איז דאָס די שוועסטער פון דעמ־דאָזיגן שוואַרץ־האָריגן אינגלישן בענצל. זי האָט געהאַלטן אין אירע עלטערע הענט דאָס דאָזיגע בילדל, די אויגן זענען ליכטיקער געוואָרן, איר האלב געזיכט האָט זיך פארוויטלט און זי האָט גערעדט:

— זעט אָט די פאָטאָגראפיע... די צוויי קייטלעך אויף די פיס... דאָס איז ער... מיין ברודער בענצל... אַ אינגל מיט קייטן...

אַ אינגל מיט קייטן...



# די שוסטערקע אסתר

(פון דער געשיכטע פון אידן אין אַמעריקע)

——געווידמעט דעם יובילאַר.——

פאַרפאַלן געוואָרן אַ אידישע נשמה?

ניין, ניט פאַרפאַלן.

אַז עס איז דאָ אימיצער וואָס דערמאָנט זי אַ הונדערט יאָר שפּעטער, איז זי ניט ערגעץ אין עלנד.

געשיכטע אזי דאָס גרויסע פעלאָ, וואו עס זאַמלען זיך אַלע, וועלכע זיינען ווערט „תחית המתים" און „השארת הנפש," און אסתר גרינליף איז דאָס ווערט.

וואָרים אסתר גרינליף, וואָס „גרינליף" איז אַן איבערזעצונג פון „גרינ־בלאַט", און וואָס געלעבט האָט זי אין דריי שטאַטן, און געווען איז זי אַ שוסטערקע, איז אריין אין דעם היכל פון אַמעריקאַנער געשיכטע.

די שוסטערקע אסתר — פון די ערשטע אידישע שוסטערקעס אין אַמעריקע — איז אריין צווישן די אייביקע נעמען אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע דערמיט וואָס זי פלאַטערט אַרום ווי אַ וואַנדערנדער פויגל, אַט אין מאַסאַטשוזעטס, אַט אין מיזורי, און אַט אין קאַליפאָרניע.

ס'האָט וועגן איר געשריבן די באָסטאָנער צייטונג „באָסטאָן טרעוולער" אין יאָר 1860; און ס'האָט געשריבן וועגן איר די חעינט לואיסער צייטונג „מיזורי רעקאָרד" אין יאָר 1862; און די סאַן פראַנציסקאָ'ר צייטונג „איוור־נינג בולעטין" אין יאָר 1865.

דריי פסוקים אירע שטייען דאָרטן פאַרשריבן...

אַ סטרייק פון שוסטערס אין די שיך־פאַבריקן, וואָס אין ניו־ענגלאַנד, איז פאַרבליבן באַרימט אויף דורות, אַז היסטאָריקער זאָלן פרואוון אים אָפּ־שאַצן. ס'איז דאָס יאָר 1860. אייברעהעם לינקאָלן שטייט פאַר'ן לאַנד ווי אַ פרעזידענט־קאַנדידאַט. ס'גייט צו אים די שפּאַנונג: וועט ער זיך פאַרמעסטן מיט די זידלעכע שטאַטן ביז אַ בירגער־קריג ? מיט דער שפּאַ־נונג קומט אומרו. מען אורטיילט דעם סטרייק פון די שוסטערס ווי אַ רעזולטאַט דערפון, הגם געקומען איז ער ווי אַ רעוואָלט אַקעגן לאַנגע אַר־בעטס־טעג, קליינע פאַרדינסטן, און אַן אַרבעטס־אַנגאַנג, וואָס גרעניצט זיך מיט קנעכטשאַפט. די שוסטערקע אסתר איז אַן אויסגעקליבענע צו זיין

די אַנפירערקע פונ׳ם סטרייק אין דער שטאָט ליון, וואָס אין מאַסאַטשוזעטס. שטייט באַריכטעט אַ רעדע אירע, ניט מער ווי אַ פסוק פון דער רעדע —

„זאָל די נייע וועלט אונדז פאַרשטיין; די נייע וועלט, צו וועלכער מ׳ר זיינען געקומען נאָך פרייהייט; איך בין אַ טאָכטער פון דעם אַלטן פאָלק, וועמעס אבות זיינען אוועק פון מצרים, ווייל מ׳האָט אויף זיי ארויפגעצוואונגען די קנעכטשאַפט פון ארבעט אָן אַ חשבון, און דערצו־נאָך האָט מען געמוזט זיך איינשאַפן אליין דאָס אַרבעטס־מאַטעריאַל; די ביבעל האָט פאַרשריבן, אַז זייער פאַרלאָזן דאָס לאַנד פונ׳ם טייך נילוס איז אַ הייליקער אַקט; און איצט גייען מיר אין זייערע טריט . . .״

דורך דער שוסטערקע אסתר האָבן געדאַנק און האַרץ דאָ געשפּילט די עלטסטע מעלאָדיע פון פרייהייט — און דער צווייטער פסוק אירער קומט צוויי יאָר שפּעטער.

מ׳איז שוין אין שטורם פון בירגער־קריג. דער גענעראַל פרימאָנט, מיט די גרויסע קאַפּיטלאַך קאַליפאָרניע אין זיין לעבנס־געשיכטע, איז געשטעלט ביי דער מיליטער, וואָס אין דעם שטאָט מיזורי. ער מיינט, אַז ער דאַרף ניט וואַרטן אויף דער פּראָקלאַמאַציע פון פּרעזידענט לינקאָלן, אַז די נעגער־קנעכט זיינען באַפרייט און קנעכטשאַפט זאָל מער ניט געדייהען אין לאַנד. ער פּראָקלאַמירט די פרייהייט אליין פאַר דעם שטאַט מיזורי. איז אַ רעש פון אָנהענגערס און פון קעגנערס, און נעגער־קנעכט הויבן־אָן קומען צו קריגן די באַפרייאונגס־קאַרטלעך, וואָס דער גענעראַל האָט צוגעפרייט, און די קעגנערס וואַרפן אויף זיי שטיינער. די שוסטערקע אסתר באַווייזט זיך מיט צוויי נעגערס, וואָס אָט זיינען זיי געווען קנעכט, און זי באַשיצט זיי און קריגט פאַר זיי באַפרייאונגס־קאַרטלעך. און נאָכדעם רעדט זי צו קעגנערס און זי זאָגט זיי —

„ביי מיין פאָלק זינגט מען אַ געזאַנג, וואָס די ווערטער זיינען: „מיר זיינען געווען קנעכט און איצט זיינען מיר פריי״; זינגט עס מיט מיר, און איר וועט שפּירן די הנאה וואָס איך . . .״

דער דריטער פסוק איז פון דריי יאָר נאָכדעם.

דאָס לאַנד איז צושוידערט פון טרויער. פּרעזידענט לינקאָלן איז דערמאָרדעט. אַ לעבן פון טראַגעדיע איז ער דורכגעגאַנגען, און ווען ס׳האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שטראַלן פון אַן אויפגייענדער זון, דער סוף פון בלוטיקן בירגער־קריג, האָט אַ קויל פון אַ מערדער אים צו טויט געשיקט. ס׳איז אין די טעג פון זיין לוויה. עס קומען־פאָר טרויער־פּראָצעסיעס איבער׳ן גאַנצן לאַנד. אין סאַן פראַנציסקאָ רעדט אסתר די שוסטערקע, און זי זאָגט—

„ווי דער גורל פון משה רבינו; געזען דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד און אין לאַנד ניט אריינגעקומען; גאָט האָט אים געקושט און צוגענומען . . .״

ווער איז זי געווען, אסתר די שוסטערקע? ווען איר אליין איז גאָרנישט וואו צו געפינען. די געשיכטע איז שטום סאַי וועגן דעם אוצר הנשמות, פון וועלכן זי איז ארויס, סאַי ווען און וואו זי איז פון דער וועלט אַוועק, און אויך וועגן די וואַנדלונגען אירע, וואָס אָט הערט מען פון איר אין מאַ־סאַטשוזעטס, און אָט אין מיזורי, און דאַן אין קאַליפאָרניע. שטום וועגן איר אליין; בלויז אירע דריי פסוקים שטייען פאַרשריבן.

נאָר די דריי פסוקים זיינען גענוג. זיי דערציילן פון אַ פיינע נשמה, וואָס האָט געצאַפּלט אין דער שוסטערקע, און וואָס איצט פלאַטערט די נשמה ארום ווי אַ סימבאָל פון דעם אייביקן צויבער, וואָס ביי איר פאָלק, וועגן ליכטיק לעבן אין פרייהייט.

זי געהערט צום ציקל שוסטער־העלדן אין אונדזערע פאָלקס־מעשיות, וואָס זיי וואַרימען דאָס פאָלק, און דאָס פאָלק וואַרימט זיי . . .



**נ. כאַנין**

# „אַ בריוועלע צו אַ פריינד"

ליבער פריינט פּ. קארל:

איך בין דאנקבאר אייער 70 יאָריקן יובל־באנקעט פאר דער איינלאַ־דונג צו באַטייליקן זיך מיט אַ באַגריסונג אין דעם בוך, וואָס ווערט ארויס־געגעבן לכבוד אייער יום־טוב.

פערזענלעך האָב איך זיך מיט אייך באקאנט אין די פאראייניקטע שטאַטן, און דאָך דוכט זיך מיר, אז איך קען אפילו דאָס וויגעלע, אין וועלכן איר זייט געלעגן, ווען איר זייט גאָר אַ קינד געווען. מיר דאכט זיך, אז איך קאָן אייער טאַטע־מאַמע, כאָטש איך האָב זיי קיינמאָל ניט געזען. מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס? דאָס דערקלערט זיך, ערשטנס, מיט דעם, וואָס איך קען גוט דעם דור, און די גאנצע סביבה, אין וועלכער [illegible] האָט געלעבט. מיר איז באַקאַנט די לופט, מיט וועלכער אונדזער דור האָט געאָטעמט. און צווייטענס, ווען נאָר איך האָב אייך באַגעגנט, האָט איר גע־מאַכט אַן אָריגינעלן איינדרוק. איך האָב וועגן אייך אַלעמאָל געטראכט. אייער מאַטעריעלע רייכקייט, אייער דערפאָלג אין לעבן, האָט מיך אלעמאָל אינטערעסירט פון דעם שטאַנדפּונקט וואָס אַ יידישער אימיגראנט, אויס־געוואקסן אין יידישער אָרעמקייט, איז געקומען קיין אַמעריקע און האָט געקענט אַנטוויקלען זיינע פייאיגקייטן צו באַהערשען אומשטענדען, וואָס דאָס פרייע לאַנד האָט אים צוגעשטעלט אויף צו דערהויבן זיך צו דער העכ־סטער טרעפּ פון לעבנס־לייטער און ווערן אַ מיליאָנער.

איך ווייס אז איר זייט ניט דער איינציקער יידישער אימיגראנט, וועל־כער האָט זיך דערהויבן צו אַ מאַטעריעלן דערפאָלג. איך קען א סך אנדערע דערפאָלגרייכע מענטשן פון אונדזער אימיגראנטן דור. אָבער זיי זיינען גאנץ אַנדערש ווי איר זייט. איך האָב דאָ אין לאנד אַ יוגנט־חבר, וועלכער איז געוואָרן שטיין רייך, אָבער זיין רייכקייט האָט אים איבערגעפירט. ער טוט אַלץ וואָס ער קען צו פארגעסן זיך אויף זיין פארגאנגענהייט. ער שעמט זיך צו באַגעגענען זיינע פריינד פון די קינדער־יאָרן. ניט צוליב דעם, ווייל ער האָט זיי פיינט, נאָר ווייל זיי דערמאָנען אים אין זיינע אמאָליקע אָרעמע יאָרן, אָן דער אָרעמער שטעטעלע און בלאָטיקער געסעלע פון זיינע קינ־דערישע טעג. און עס איז דאָך א כלל, אז דער מענטש, וועלכער וויל פאר־

געסן אויף זיין פאַרגאַנגענהייט, איז א באַשעפעניש, וואָס וויל אַרויסקריכן פון דער אייגענער הויט און אָפּרייסן זיך, ניט נאָר פון זיין אייגענעם לעבן, נאָר פון זיין גאַנצן שטאַם.

דורך צופאַלן באַגעגען איך זיך מיט דעם לאַנדסמאַן מיינעם, און די צייט, וואָס איך פאַרברענג מיט אים, וואַרפט אויף מיר אַרויף אַ קאַלטע גלייכגילטיגקייט, און ווען איך גיי אַוועק, פאַרדריסט מיך וואָס איך האָב זיך מיט אים באַגעגנט, הגם ביי אונדזער באַגעגעניש וויל ער אַלעמאָל זיין העפליך און אפילו פריינדלעך. עס איז אַ העפלעכקייט און אַ פריינדלעכקייט מיט פוסטקייט, אָן אינהאַלט, אָן אינטערעס, וואָרים איך האָב דאָך ניט צו טאָן מיט זיין היינטיגען דערפאָלג.

ווי אַנדערש אי ר זייט. אייער רייכקייט האָט אייך ניט אָפּגעריסן פון אייער פאַרגאַנגענהייט, האָט אייך ניט אַוועקגענומען פון דער צוגעבונ־דנקייט צו אונדזער פאָלק. פאַרקערט, עס האַלט אייך דווקא פאַרבונדן מיט די אידעאַלן פון אייער יוגנט, וועלכע האָבן אייך געגעבן שטאַלץ און דער־הויבונג אין יענע צייטן, ווען אונדזער אַלעמענס לעבן איז אַזוי געווען גרוי, ווען מיר זיינען געווען די שקלאַפן צווישן שקלאַפן.

איר זייט געוואָרן אַ „בונדיסט" ווען איר זייט אַ גרויסער אָרימאַן גע־ווען; דער „בונדיזם" האָט אָבער אַריינגעטראָגן רייכקייט אין אייער נשמה, מוט אין אייער געמיט, אייך אַרויפגעפירט אויפן וועג צו אַ גרויסן מענטש־לעכן אידעאַל, אייך פון אַן איינזאַמען, דערשלאָגענעם אינגעל אַרויסגע־פירט און געבראַכט אייך צו אַ וועלט פון ליכט און פרייד, שיינעם גלויבן און גרויסע מענטשלעכע האָפענונגען.

אייער רייכקייט האָט אייך ניט געצוואונגען אָפּצוטרייסלען זיך פון אייערע אַמאָליגע טעג, און דאָס איז אַ גרויסע מענטשלעכע מדרגה.

70 יאָר זייט איר אין לעבן געגאַנגען מיט ווירדע. אייער היינט האָט קיינמאָל ניט פאַרטונקלט דעם נעכטן, און איך האָף אַז אייער מאָרגן וועט ניט פאַרטונקלען אייער היינט.

ווען מען פייערט אייער 70 יאָריקן יובילײ, ווען אַלע אייערע פריינד דריקען אויס זייער טיפע ליבע צו אייך, דאַרף מען אוודאי אויך ניט פאַר־געסן אייער לעבנס־חבר, אייער פרוי, וועלכע האָט זיכער אַ סך ביייגעטראָגן צו אייער דערפאָלג און צו אייער גאַנצקייט אין לעבן. איך ווייס ניט צי אייער פרוי איז שוין אויך 70, ווייל יעדער פרוי איז דאָך מיט 20 יאָר יונ־גער פון דעם מאַן, אָבער צו אייער 70 יאָריקן יובל ווילט זיך מיר ווינשען אַ ווייטערן לאַנגען לעבן אייער ביידנס יוגנטלעכקייט.

זייט ביידע, פון מיין טיפן האַרצן, געגריסט.

י. ש. הערץ

# דער ארבעטער רינג אויף אַלע פונקטען אין לאַנד

דאָ איז אַ קאַפּיטעל פון׳ם ווערק „פופציג יאָר ארבעטער רינג אין אידישן לעבן". דער מחבר־היסטאָריקער, י. ש. הערץ, ציטירט אין אים שורות וועגן די ערשטע יאָרן פון אַרבעטער רינג אין קאַליפאָרניע, לאָס אנדזשעלעס און סאן פראנציסקאָ. די שורות זיינען גלייכצייטיג אַן אָנווייז אויף וויכטיגע בלעטער געשיכטע פון אידישער וואַנדערונג אין די פאראייניגטע שטאַטן גופא. דאָס לעבן פון׳ם יובילאַר איז פארבונדען מיט יענער וואַנ־דערונג. —רעדאקציע.

דער דורכפאל פון דער רעוואָלוציע און דער עקאָנאָמישער קריזיס אין רוסלאנד האָבן הונדערטער טויזנטער אידישע יונגעלייט געטריבן צו די ברעגס פון אמעריקע. געוויינלעך איז מען געקומען קיין ניו יאָרק. פרייהייט האָבן זיי דאָ געפונען, עקאָנאָמישע זיכערקייט — ניט. אין יאָר 1907 איז אין אַמעריקע געווען אַ גרויסער קריזיס. די נוי פון די אָרימע און ארבעטס לאָזע איז געווען אַ שרעקלעכע. פיל פרישע אימיגראַנטן האָבן פשוט ניט געהאַט קיין שטיקל ברויט, און אויך ניט וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. האָט די נויט געצוואונגען צו פאַרלאָזן ניו יאָרק און גיין טיפער אין לאַנד אריין, אפשר וועט דאָרט די מערכה זיין אַ בעסערע.

אויף די גרויסע שטחים פון די פאראייניגטע שטאַטן האָבן די ניי־געקומענע געטראָפן קליינע, אָפּגעשטאַנענע אידישע ישובים. דאָס זיינען געווען בעיקר די תושבים, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַזעצט אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פון 19טן יאָרהונדערט: רעפאָרמירטע טעמפּל־יאָהודים, אָפּשטאַמיגע פון מערב־אייראָפּע, און אָרטאָדאָקסישע שול־אידן, אויסגע־וואַנדערטע פון מזרח־אייראָפּע, אָדער סתם אָלרייטניקעס, וועלכע האָבן גאָר־ניט געהאַט אין זינען אַחוץ מאַכן אַ דאָלער. די נייע איינוואנדערונג איז אין די שטעט און שטעטלאך געווען ווי אַ זומער־רעגן אויף דורשטיגער ערד. אַ נייער שטראָם פריש בלוט איז אריינגעפלאָסן אין די אָדערן פון אַ פאַר־חלשט׳ן גוף. איינער פון יענע פרישע איינוואנדערער דערציילט:

„זייער ווינציק אידן זיינען געווען אי׳ן יענע יאָרן אין דער הויפּט־שטאָט אַטלאַנטאַ, און נאָך ווייניגער אין די אַנדערע דרום־שטעט. גייסטיק

האָבן די אידן זיך אויסגעלעבט אין דער איינציגער אָרטאָדאָקסישער שול און ארום דער שול. שול־פּאָליטיק איז געווען דאָס גייסטיגע לעבן. די אזוי־גערופענע דייטשע אידן האָבן געהאַט זייער טעמפּל, אָבער אונזערע מזרח־אייראָפּעאישע אידן האָבן מיט זיי קיין שום מגע ומשא ניט געהאַט. אין אַט דער סביבה זיינען אריינגעפאַלן אונזערע בונדיסטן. צוליב דער דורכ־געפאַלענער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז פאר זיי קיין וועג צוריק אַהיים ניט געווען. זיי האָבן געמוזט דאָ בויען זייערע היימען און זיך צופאַסן צו די היגע באַדינגונגען. מאַכן א לעבן איז געווען שווער, און נאָך ערגער איז געווען די גייסטיגע פוסטקייט. ווי אויפן וואונק האָבן זיי דערקענט איינע די אנדערע און האָבן געזוכט צו שאַפן עפּעס אַ גייסטיגע אַטמאָספער ארום זיך" (מיכל י. מערלין: „אין דרום־לאַנד", 1949).

אין די קליינע שטעטלעך זיינען געווען אידישע ביזנעס־לייט, פּעדלער און אַ קליינע צאָל בעלי־מלאכות און ארבעטער. אין די גרעסערע שטעט איז אויך געווען אַ היפּשע צאָל אידישע ארבעטער. אַ גרויסע אידישע ארבע־טערשאַפט איז געווען אין אַ צאָל קליינע שטעטלעך מיט באַשטימטע אינ־דוסטריעס. די דעה אין געזעלשאַפטלעכן לעבן האָבן געהאַט די בירגערלעכע פּאָליטיקער און כלל־טוער. די ארבעטער און אַ טייל קליינע ביזנעס־לייט, וועלכע זיינען פריער געווען ארבעטער און זיינען געבליבן ראַדיקאַל גע־שטימט, האָבן ניט געוואָלט שלום מאַכן מיט אַזאַ מצב. אין די גרויסע שטעט זיינען געווען קליינע שפּראָצונגען פון אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין די קליינע ערטער — דאָס אויך ניט. דאָס גאַנצע קהלשע לעבן האָט זיך געדרייט ארום דער שול, די פרייע צייט האָט מען פארנוצט ארום קאָרטן־טישל. עס האָט זיך געבענקט נאָך געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. נאָך א גייסטיגן לעבנס־אינהאַלט. האָבן די ארבעטער און סאָציאַליסטיש געשטימטע עלעמענטן אָנגעהויבן צו שאַפן פּאָזיציעס פון ארבעטער־רינג.

די יאַהודים מיט דזשייקאָב שיף בראש האָבן שטאַרק געארבעט, אז אידישע אימיגראַנטן זאָלן פאַרלאָזן ניו יאָרק. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ „אידישע אינפאָרמאַציע־ביוראָ פאר אימיגראַנטן" מיטן ציל צו צעשפּרייטן די נייע איינוואַנדערער איבערן לאַנד און ניט לאָזן זיין קאָנצענטרירט אין איניגע גרויסע שטעט. אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דער איבערוואַנדערונג דערציילט י. לעוויט:

„אין יענער צייט האָט דער „רעמואוואַל אָפיס" פון ניו יאָרק געשיקט קאָלאָניסטן און בעלי־מלאכות אין דער וועסט און סאַוט. ספּעציעל האָט מען געשיקט בוי־ארבעטער און שניידער. אַ היפּש ביסל סקעבערײַ איז אויך געווען פארמישט אין יענער צייט מיט דעם אַריבערשיקן גרינע אימיגראַנטן פון ניו יאָרק צו די אַנדערע ווייטע פּונקטן. די אידישע ארבעטער, וואָס די

מערסטע פון זיי זיינען געווען היימישע בונדיסטן און קלאַסן־באַוואוסטע יוניאָן לייט און סאָציאַליסטן, האָבן זיך ניט געלאָזט אויסנוצן. זיינען צוליב דעם ארויסגעקומען פיל טראגעדיעס. די אָרטיגע באַאמטע פון „רעמואַוואל אָפיס" האָבן איבערגעלאָזט די ווידערשפעניגע אויף הפקר, וואָס האָט על פי רוב באַדייט: עלנד, אָן אַ סענט אין קעשענע און ווייט פון אייגענע. אויך לאָס אַנדזשעלעס האָט באַקומען אייניגע טראנספאָרטן פון אזעלכע ארבעטער. אָבער דאָ איז געווען א ברענטש פון ארבעטער־רינג, האָט דער ברענטש זיך אָנגענומען זייער קריוודע און געצוואונגען די „רעמואַוואל"־באַאמטע צו האַלטן זייער צוזאָג. דער ברענטש האָט באַשטימט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, וואָס זאָל אַכטונג געבן, אז די פרעמדע זאָל ניט געשען קיין שום עוולה" („35 יאָר ארבעטער רינג אין לאָס אַנדזשעלעס", 1944).

אין אַ צווייטער שטאָט אין ווייטן קאַליפאָרניע, אין סאַן פראַנציסקאָ, האָט דער ארבעטער רינג אָנגעהויבן זיך בויען אין 1907, נאָך דעם ווי עס איז אַהינגעקומען אַ גרויסע צאָל אידישע בוי־אַרבעטער צו העלפן אויפּ־בויען די שטאָט נאָך דער ערדציטערניש, וואָס האָט פאַרוואַנדלט סאַן פראַנציסקאָ אין א חורבה.

צו האָבן אַ געטריי בילד און באַנעמען ריכטיג די באַדייטונג פון די ערשטע ארבעטער רינג ברענטשעס אין דער פּראָווינץ, וועלן מיר אויסהערן נאָך אייניגע עדות. אָט וואָס זיי דערציילן:

„ווען די ערשטע פּיאָנערן — אידישע רעוואָלוציאָנערן, בונדיסטן און אַרבעטס־מענטשן, אין זייער דראנג צו אַן אייגן ווינקל זיך אויסצולעבן געזעלשאַפטלעך אין אַ צוגעפּאַסטער פּאַר זיי אַטמאָספער, האָבן מיט דריי־סיק יאָר צוריק געגרינדעט דעם ערשטן ארבעטער רינג ברענטש אין מי־שיגען, איז דאָס אידישע לעבן אין דעטראָיט געווען אָרעם, שפּלדיג און אָפּגעשטאַנען". „ביזן ברענטש 156 ארבעטער רינג (געגרינדעט 1907) איז **די „אידישע גאַס" געווען אַ תהו־ובוהו. דער ברענטש איז די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אָנגעווענדעט איר גאַנצן כוח און ווירקונג צו אָרגאַניזירן** אידישע יוניאָנס. דאָס איז די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט דערמוטיגט די אי־דישע ארבעטער צו סטרייקן, צו קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן" (ס. וו—ג: „יובילעאום־בוך דרייסיק יאָר, ברענטש 156", 1937, דעטראָיט).

דער ארבעטער רינג איז געווען געקניפּט און געבונדען מיט די אנדערע צווייגן פון דער ארבעטער באַוועגונג — מיט די יוניאָנס און סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי. „דער ארבעטער רינג אין שיקאַגאָ האָט זיך קודם־כל אַוועקגעשטעלט גלייך פון אָנהויב אלס סאָציאַליסטישע קערפּערשאַפט. טוענדיק צוערשט זיין סאָציאַליסטישע ארבעט, האָט עס אים געבראַכט אין באַרירונג מיט די ארבעטער מאַסן, און דער ארבעטער רינג איז אויך גע־

וואָרן טעטיק אויף דעם עקאָנאָמישן געביט. וואו נאָר זיין הילף איז געווען נויטיג, האָט דער ארבעטער רינג זיין הילף געגעבן. דער ארבעטער רינג פלעגט צאָלן וועכענטלעכע שכירות דעם אָרגאַנייזער פון די פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטן" (י. סיגעל: „באָברויסקער ראַיאָנער ברענטש 131 ארבעטער רינג", 1933, שיקאַגאָ).

די וועלכע האָבן געהאַלטן די פעדים פון קהל'שן לעבן אין זייערע הענט, האָבן מיט אומרואיגקייט געקוקט אויף דעם נייעם ראַדיקאַלן עלעמענט. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר די פרילינג־ווינטן, וואָס האָבן גענומען בלאָזן אויף דער אידישער גאַס. טייל צוליב אומוויסנקייט, אנדערע דווקא ווייל זיי האָבן געוואוסט וואוהין עס צילט דאָס סאָציאַליסטישע יונגוואַרג, האָבן אפילו גענומען שטעלן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד. אין דער אָפּגעשטאַנענער סאוט זיינען געווען פאַלן, ווען אידישע פּאָליטישנס האָבן געדראָט, אַז מ'וועט די ארבעטער רינג מענטשן אַרויסשיקן פון דאָרט. ס'האָט אויך געטראָפן, אז מ'האָט ניט געוואָלט פאַרדינגען אידישע געזעלשאַפטלעכע זאַלן אויף ליטעראַרישע פאָרלעזונגען, ווייל מ'האָט געזאָלט ריידן אידיש...

„ווען מען האָט זיך דערוואוסט אין ניו בראָנזוויק, נ. דזש., אז עס האַלט זיך ביים גרינדן אַ ברענטש פון ארבעטער רינג, איז געוואָרן א גערודער. די קהל־אידן פון די שול־חברות האָבן אויפגעהויבן אַ גוואַלד"... „דידאָזיגע אידן זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט, אז מען האָט אַראָפּגעריסן די אויסגעקלעפּטע מלדונגען וועג דער גרינדונג פון ברענטש (208), און אייניגע אייפערע חברה האָבן אפילו אויסגעבראַכן די שויבן ביי אַ קצב, וואָס האָט דערלויבט אָנקלעפּן א מעלדונג ביי אים אין פענסטער"... „צו דער אינסטאַלירונג פון ברענטש זיינען געקומען פון ניו יאָרק עפּשטיין און פינגערהוד. ווען זיי האָבן גענומען ריידן וועגן ארבעטער רינג און פאַנאַנדערוויקלען די פּרינציפּן און פּראָגראַם פון ארבעטער רינג, האָבן אייניגע קאַנדידאַטן פאַר מיטגלידער באַקומען קאַלטע פיס און האָבן זיך ארויסגעגנבעט פון זאַל. ווען עס איז געקומען דער פייערלעכער מאָמענט פון אינסטאַלירן, האָט מען זיך ארומגעזען, אָז עס איז ניטאָ די גענוגענדיגע צאָל מיטגלידער. די צערעמאָניע איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויפן 12טן אויגוסט, ווען דער ברענטש איז ענדלעך געגרינדעט געוואָרן" („ארבעטער רינג יובילעאום שטימע 1908־1933", ניו בראָנזוויק, נ. דזש.).

אין קאָנפערענץ־באַריכט פון דער טעריטאָריע צפון־מזרח־פּענסילווייניע, אין 1916, ווערט געזאָגט, אז „אלע האָבן די זעלבע שוועריגקייטן פון די אלטע פאַנאַטישע עלעמענטן, וואו אין דער קאָנטרי איז זייער מאַכט קאָנצענטרירט. זיי זיינען אלע מער אָדער ווייניגער אָרגאַניזירט קעגן יעדן פּראָגרעסיוון פאַראיין. אָבער איצט זיינען די אומשטענדן פיל בעסער.

דער ארבעטער רינג איז מער אַנערקענט און מען רעכנט זיך מיט אים אין אַלע אַנגעלעגנהייטן".

אין זעלבן יאָר שרייבט א. ש. זאַקס אין „פריינד": „אונזערע בראַווע קאמילאָסער האָבן ניט ווייניג געהאַט אויסצושטיין ביים גרינדן דעם ברענטש. די פּאַרלייט און די באַסעס גופא האָבן ניט געוואָלט ארייגלאָזן 'סאָציאַליזם' אין קאַמילאָס (נ. י.). די אידישע ארבעטער האָבן דאָ געגרינדעט דעם ברענטש מיט סכנות נפשות. עס האָט געהאַלטן מען זאָל זיי צוליב דעם ארויסטרייבן פון מיל (פאבריק), און דאָס הייסט פון גאנץ קאַמילאָס, ווייל גאנץ קאמילאָס מיט אלע הייזער געהערן צו דער קאָמפּאַני" (אין דער פאבריק זיינען געווען באַשעפטיגט 15 הונדערט ארבעטער). אָבער די בראַווע אידישע ארבעטער „האָבן געשטעלט זייער עקזיסטענץ אין ריזיקע, און האָבן, ניט געקוקט אויף אלע ווארנונגען פון די באַסעס, געגרינדעט אַ ברענטש פון ארבעטער רינג".

און אזוי שטעטל נאָך שטעטל.

אין לאָנג ברענטש, נ. דזש., איז אין 1911 געגרינדעט געוואָרן ברענטש 429. די מיטגלידער פון די באַלעבאַטישע אָרדענס האָבן געדראָט די ארבעטער רינג מיטגלידער מיט ארייגלייגן אין חרם, מיט ניט לאָזן דורכגיין די גאַס און ענלעכע זאכן. אין מילוואָקי האָט מען בעתן גרינדן דעם ברענטש 166 (יאָר 1908) אויך געדראָט מיט חרם. וועגן דער גרינדונג פון ברענטש 161 (יאָר 1913) אין מאַנעסען, פּא., לייענען מיר אין „פריינד": „אַ שווערן קאַמף האָבן מיר געהאַט דורכצופירן מיט די 'פרומע' באַלעבאַטים פון אונזער שטעטל, איידער מיר האָבן דאָ דעם ברענטש אינסטאַלירט. זיי האָבן אָנגעווענדט אלע זייערע קרעפטן מיט פאַרשידענע מיטלען, בלבולים, זידל־ווערטער, כדי אונזער ארבעט צו צעשטערן". עס זיינען אין דעם שטעטל געווען אייניגע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און אַ שול — און זיי האָבן מורא געהאַט פאר דער „קאָנקורענץ" פון ארבעטער רינג. אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין „פריינד" ווערט דערציילט וואָס עס האָבן געהאַט צו ליידן די ערשטע מיטגלידער פון ברענטש 118 אין יוטיקא, נ. י., בעת דער גרינדונג פון ברענטש (יאָר 1907) איז ביי דער אידישער באַפעלקערונג „דער נאָמען 'סאָציאַליסט' אָדער 'ארבעטער רינג מעמבער' געווען טריף ווי ביי א פרומען איד חזיר". פון דולוטה, מינ., ווערט דערציילט אין „פריינד": „ווען עס זיינען דאָ פאַרוואָרפן געוואָרן אַ פּאָר מענטשן פון דער ארבעטער באַוועגונג, האָט מען אויף זיי געקוקט ווי אויף משומדים, להבדיל. מיר האָבן דאָ אָנגעהויבן אונזער טעטיגקייט מיט אן עדיוקיישאָנעל סאָסייעטי און אַ קלוב, כדי צו צוגעוואוינען דעם עולם צו א פרייען וואָרט. נאָך דעם האָבן מיר געגרינדעט אַ ברענטש פון ארבעטער רינג". און פון סאַוואַנאַה, דזש.

(ברענטש 383): „דער גרעסטער שונא אונזערער איז געווע דער אַזוי־גערו־פענער רעליגיעזער עלעמענט. ער האָט תמיד פּרובירט וואַרפן שמוץ, וויצ־לען זיך און האָט בכלל געהאַסט דעם ארבעטער רינג, ניט וויסנדיג פאַרוואָס און פאַרוועז. ניט איינמאָל האָבן עלטערן געשטראָפט זייערע קינדער, ספּע־ציעל די טעכטער, אז זיי זאָלן חלילה ניט האָבן צו טאָן מיט די טריפניאַ־קעס... עס איז געווען אַ שווערער און ביטערער קאַמף. אונזערע פריינד האָבן אָבער ניט פארלוירן דעם מוט"... ברענטש 373 פון וועסט פילאדעלפיע (געגרינדעט 1912) דערציילט, אַז אין אָנהויב האָט קיינער ניט געוואָלט פאַרדינגען אַן אָרט אויף אָפּצוהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג. „מיט שווערער מי האָבן מיר ענדלעך באַקומען אַ מיטינג־זאַל ביי אַ קריסט".

מען וואָלט געקאָנט ברענגען ביישפּילן פון נאָך אַ היפּשער צאָל שטעט און שטעטלעך, וואו די ערשטע מיטגלידער פון די ארבעטער רינג ברענטשעס האָבן געהאַט אויסצושטיין צרות פון פאַנאַטיש־רעליגיעזע אָדער פּאָליטיש־רעאַקציאָנערע און קאָרומפּטירטע עלעמענטן, וועלכע האָבן באַקעמפט דעם ארבעטער רינג מיט ציין און נעגל. טייל האָבן עס געטאָן צוליב אומטאָ־לעראַנץ, אַנדערע צוליב פּאָליטישע אויסרעכענונגען אָדער גאָר מחמת מורא, אז דער ארבעטער רינג וועט זיין אַ קאָנקורענץ פאַר די לאַדזשעס פון די באַלעבאַטישע אָרדענס. האָט דאָך טאַקע געטראָפן, אז פאָלקסמענטשן פלעגן איבעררייסן מיט די באַלעבאַטישע לאַדזשעס, ווען אין זייער שטעטל האָט זיך געגרינדעט אַ ברענטש פון ארבעטער רינג.

אזוי איז געווען דער מצב אויף דער אידישער גאַס, אין שטאָט און שטעטל, מיט אַ 40 יאָר צוריק. און עס זיינען געווען פיל שטעטלעך, אָדער אידישע גאַסן פון די שעטלעך, וואָס אויך אויסערלעך זיינען זיי געווען ווייט אָפּגעשטאַנען. „פאַראַן אין דער קאַנטרי אידישע געטאָס, וואָס דאָס פאַר־וואָרפנסטע אידישע שטעטל אין דער ליטע איז אין פאַרגלייך מיט זיי אַ מוסטער פון שיינקייט און ריינקייט" — האָט געשריבן אין „פריינד": (2913) ד"ר נ. סירקין.

ניט בלויז ארום די ענינים פון **לעבן** איז די סאָציאַליסטישע און וועלט־לעכע פאָלקס־מענטשן אויסגעקומען צו פירן אַ שטרייט קעגן פינסטערניש און בייזוויליגקייט. אָפט האָט מען אויך געדאַרפט ביטער קעמפן ארום ענינים, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט **טויט**.

דער גייסט פון „פרי ענטערפּרייז" האָט אין אמעריקע אויסגעשפּרייט זיינע פליגל אויך דאָרט, וואו עס פאָכן די פליגל פון מלאך־המות. די בית־עולמס זיינען דאָ ניט קיין ענין פאַר דער געמיינדע. האָט זיך פאַרשפּרייט דער סיסטעם פון אָפּקויפן קרקע דורך פאַרשידענע חברות פאַר זייערע מיט־גלידער. פון ערשטן מאָמענט אָן האָבן אויך די ארבעטער רינג ברענטשעס

געמוזט זאָרגן וועגן לויות און קברים פאַר זייערע מיטגלידער און פאַמי־ליעס. מ׳האָט אויך געהאַלטן פאַר א פליכט צו זיין אויף אַ לויה פון אַ פאַר־שטאָרבענעם מיטגליד. אין די אַלטע צייטן איז דאָס אַפילו געווען אַ מוז־זיך פון יעדן מיטגליד און פאַר ניט קומען צו אַ לויה איז מען באַשטראָפט גע־וואָרן.

ביזן יאָר 1905 איז אין ניו יאָרק געווען איין פאַרוואַלטער פון די ענינים, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט לויות און קברים. דאָס איז געווען אַ פּיאָנער פון ארבעטער רינג, ד. גינגאָלד, אַ שמיד פון פאַך. מיטן וואוקס פון דעם ארבעטער רינג, מיטן פאַרמערן זיך פון דער צאָל טויטע און מיטן קויפן ביי־קרקע אויף פאַרשידענע בית־עולמס, איז נויטיג געוואָרן צו שאַפן אַ ספּע־ציעלע אָפּטיילונג, וואָס זאָל מיט דעם אַלעם פאַרוואַלטן. כדי צו שאַפן פאָנדן פאַר דעם צוועק צו פירן די ארבעט פון דער בית־עולם אָפּטיילונג, האָט מען אין 1908 במשך פון 5 יאָר דורכגעפירט פּיקניקס, וואָס האָבן גע־געבן אַ גרעסערע הכנסה. יעדער מיטגליד האָט געמוזט נעמען אַ בילעט פאַר 25 סענט. פון 1907 פונקציאָנירט דער סעמעטערי־דעפּאַרטמענט ווי א באַ־זונדער אינסטיטוציע ביים ארבעטער רינג. שפּעטער זיינען צו דער אָפּטיי־לונג אויך אַריבער די ענינים פון איינאָרדענען און דעקן די הוצאות פון לויות. פון יאָר 1910 פירט אָן כסדר מיט דער דאָזיגער אָפּטיילונג פּרוי ראָוז אָש.

אויך אין אַנדערע שטעט האָט דער ארבעטער רינג געשאַפן זיינע באַ־זונדערע ווינקלען אויף די אידישע בית־עולמס. די באַזונדערע אייגענע ווינק־לען זיינען געוואָרן נויטווענדיג צוליב דער ניט־געהעריגער באַציאונג פון די בית־עולם־פאַרוואַלטונגען צו לויות פון ארבעטער רינג מיטגלידער. אַ פּאָרביישפּילן וועלן עס אילוסטרירן:

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון סקרענטאָן, פּאַ. („פריינד״, מאַי־יוני 1911) ווערט דערציילט: „אלע 6 פון די אידישע סאָסייעטיס האָבן זייער סעמעטערי, אויף 6 לאָטס, וואָס זיינען צוזאַמען. איצט גייען זיי בויען אַ קאָנקריט פענס (ארומצוימען מיט אַ בעטאָן־וואַנט). דער ארבעטער רינג האָט געקויפט דעם 7טן לאָט. זאָגן די פרומע אידן (וועלכע פאַרלאַנגען תמיד פון אלע פעלקער, אַז מען זאָל זיין טאָלעראַנט צו זיי), אַז דער ארבעטער רינג איז ניט גוט גענוג צו זיין מיט זיי אונטער איין פענס. אונזער ברענטש וויל באַצאָלן די קאָסטן פון זיין פענס, אָבער די גוטע און פרומע אידן ווילן פון קיין זאַך ניט וויסן״.

אין די ערטער, וואו דער ארבעטער רינג האָט ניט געהאַט קיין אייגענעם בית־עולם, האָבן די רעליגיעזע חברות דאָס אויסגענוצט און „געריסן אַ פּאַס״, ווען אַ מיטגליד פון ארבעטער רינג האָט געדאַרפט אָנקומען צו זיי נאָך אַ קבר. עס זיינען געווען אויך איינצלנע פאַלן, ווען מ׳האָט בכלל אָפּגעזאָגט

מקבר צו זיין אַ ראַדיקאַל־וועלטלעכן מענטש צוליב זיין פריידענקעריי און מ׳האָט דעם מת געמוזט פירן אין אַ צווייטע שטאָט. אין אַ ריי ערטער איז די פראַגע פון האָבן אַן אייגענעם בית־עולם געוועזן זייער אַ דרינגענדיגע. ווייל קוים האָט פּאַסירט, אַז ביי איינעם איז אַ קינד געשטאָרבן און ער „האָט געמוזט אָנקומען צו דער שול, צו דער חברה קדישא, צו די אַזוי־גערופענע מחזיקי אמונה, דעמאָלט פלעגן זיי זיך אָפּרעכענען מיט די פריידענקער. ער פלעגט שוין דאַרפן באַצאָלן פאַר אַלעם: פאַר אַלע נדבות, וואָס ער האָט ניט געגעבן פאַר דער שול; פאַר די עליות, וואָס ער האָט ניט געקויפט; פאַר אַלץ, אַלץ וואָס איז נאָר אויפגעקומען אויפן זינען, און טאַקע טאָפּלט מיט גרויסע פּראָצענטער״... „אויך היינט ווייסן מיר פון אַ סך ברענטשעס פון אַרבעטער רינג אין קאַנטרי, און באַזונדערס אין די קליינע שטעטלעך, אַז זיי האָבן אויסצושטיין פיל צרות צוליב דעם וואָס זיי האָבן ניט קיין סעמע־טערי״... „די אומשטענדן האָבן געצוואונגען די אידישע סאָציאַליסטן, די ראַדיקאַלן אָפּצוגעבן זיך מיט סעמעטערי, געצוואונגען צוליב זעלבסט־רע־ספּעקט זיך ניט צו לאָזן טרעטן מיט די פיס פון אַ גראָבן יונג, פון אַ פּרע־זידענט, גבאי אָדער שמש פון אַ שול, בעת מ׳האָט געדאַרפט צו זיי אָנקו־מען״ (י. וויינטרויב: „פריינד״ נאָוו.־דעצ. 1911).

אין אַרבעטער רינג גופא זיינען, וואָס אַן אמת, געוועזן אַזעלכע „ראַדי־קאַלן״, וואָס האָבן דעם גאַנצן ענין אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, גע׳חוזק׳ט פון דעם און גע׳טענה׳ט, אַז דער אַרבעטער־ אָרדען דאַרף זיך מיט קיין בית־הקברות ניט פאַרנעמען. ס׳איז אָבער פאָרט ניט געוועזן קיין ענין „אַוועק־צומאַכן מיט דער האַנט״. האָבן דאָך פיל ראַדיקאַלע מענטשן אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך ניט געוואָלט געהערן צום אַרבעטער רינג בלויז דער־פאַר, וואָס ער האָט קיין אייגענעם בית־עולם אין די ערטער ניט פאַרמאָגט. זיי האָבן צוגעזאָגט אַרויסצוטרעטן פון זייערע סאָסייעטיס און אַריבער צום אַרבעטער רינג, אויב ער וועט זיך פאַרשאַפן אַן אייגענעם בית־עולם.

אין איניגע ערטער איז געשטאַנען שאַרף אַ צווייטער ענין: עס זיינען פאָרגעקומען היציגע דעבאַטעס צי דער בית־עולם פון אַרבעטער רינג זאָל זיין אַ אידישער אָדער אַ רעליגיאָנסלאָזער? מיט דעם איז געווען פאַרבונדן אַ צווייטע דעבאַטע: צי זאָלן די ברענטשעס אַריינגעמען אַלס מיטגלידער קריסטן? אין א טייל ערטער זיינען טאַקע אַ צאָל ניט־אידן געווען מיטגלי־דער פון אַרבעטער רינג.

די אָנהענגער פון רעליגיאָנסלאָזע בית־עולמס האָבן באַגרינדעט זייער שטעלונג ניט בלויז מיט פּרינציפּיעלע מאָטיוון, נאָר אויך מיט פּראַקטישע. מאַנכע האָבן געהאַט ניט־אידישע פרויען אָדער ניט געמלטע קינדער. און וואָס זאָל מען טאָן מיט די ניט־אידישע מיטגלידער? אויב מ׳איז ביים לעבן

צוזאַמען, פאַרוואָס זאָל מען עס ניט טאָרן נאָכן טויט? אין ערטער, וואו דער ברענטש איז געשטאַנען אין נאָנטע פאַרבינדונגען מיט דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי, פלעגט טרעפן, אז ניט־אידישע סאָציאַליסטן האָבן זיך פאַרשריבן אין ארבעטער רינג. אין געוויסע פאַלן האָבן איינצלנע מיטגלי־דער צוליב דעם געמאַכט אַ טומל: סטייטש, מ׳וועט דאַרפן ליגן מיט זיי אויף איין בית־עולם. די קעגנער האָבן געמאָלט פאַנטאַסטישע בילדער פון קריסט־לעכע לוויות וואָס עס וועלן זיין — מיט גלחים און צלמים. אין אַ טייל ברענטשעס האָט מען באַשלאָסן יאָ אָנצונעמען ניט־אידן, און אנדערע — ניט. אין געוויסע ערטער האָבן די ברענטשעס געהאט נאָן־סעקטעריען סע־מעטעריס, צוליב וועלכע די ברענטשס האָבן גמוזט אויסשטיין צרות פון די אידישע רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

דער אָפיציעלער אָרגאַן פון ארבעטער רינג, דער „פריינד״, האָט זיך ארויסגעזאָגט וועגן דעם ענין. ער האָט געפּסקנט, אַז פּרינציפּיעל איז די פראגע „שוין לאַנג געלייזט, ווייל דער ארבעטער רינג האָט ביי זיין גרינ־דונג קיין אויסנאַם ניט געמאַכט פאר קריסטן און ער האָט אויך היינט פאר זיי ניט קיין אויסנאַמען. פּרינציפּיעל קענען קריסטן געוויס אריינגענו־מען ווערן אין ארבעטער רינג און דאַרפן אויך אריינגענומען ווערן, וועגן דעם קען אפילו קיין שום צווייפל ניט זיין און עס איז לחלוטין ניטאָ איבער וואָס צו דיסקוטירן. די פראגע האָט אָבער אויסער איר פּרינציפּיעלער זייט אויך א פּראקטישע, און די פּראקטישע זייט איז גראד אין דעם פּרט דער עיקר״. דאָס זעלבע — איז געפּסקנט געוואָרן — איז מיטן ענין סעמעטערי. די פראגע איז צי עס לאָזט זיך פּראקטיש דורכפירן, און דאָס איז אָפּהענגיג פון אָרט און אומשטענדן. דאָס איז אַן ענין פאר יעדן ברענטש באַזונדער צו באַשליסן פאַר זיך אַליין.

די פראגע פון נאָן־סעקטעריען בית־עולמס איז געשטאַנען פאר אַ קליינער צאָל ברענטשעס. דאָקעגן איז פאר דער גרויסער מערהייט ברענטשעס געווען אָנגעווייטאָגט דער ענין פון שלעכטער באַהאַנדלונג און חוצפּהדיקער באַציאונג פון די בית־עולם־באַלעבאָטים צו די מיטגלידער פון ארבעטער רינג. עס האָט אויסגעזען, אז ניט קענענדיג ארויפצווינגען זייער ווילן אויף די לעבעדיגע, ווילן די כלי־קודש און פרומאַקעס זיך אונטערטעניג מאכן די טויטע, ווילן ווילקירלעך אויסנוצן זייער מאַכט אויפן טויטן־פעלד, כדי זיך אָפּרעכענען מיט דער משפּחה און פריינד פון פאַרשטאָרבענעם. די מיטגלי־דער פון ארבעטער־אָרדען האָבן זיך געשטעלט אין שוץ פון זייער ווירדע און זיך פאַרשאַפט אייגענע פלעצער אויף אידישע ביתעולמס.

וואו פריער און וואו שפּעטער, אָבער אומעטום האָבן די ברענטשעס פון ארבעטער רינג זיך פעסט פאַרוואָרצלט אין באָדן פון די שטעט און

שטעטלעך. די שונאים האָבן געמוזט אַנטשוויגן ווערן. די אידישע באַפעל־קערונג האָט געזען די גוטע ארבעט פון די ברענטשעס און איר מורא איז פארשוואונדן, איר פרעמדקייט און קאַלטקייט האָבן אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ פאר נאָענטקייט און ווארעמקייט. די פאַרשידנאַרטיגע טעטיקייט פון די ברענטשעס האָט גורם געווען אָט די ענדערונג. די ברענטשעס האָבן געפירט אַ קולטור ארבעט: געעפנט אידישע ביבליאָטעקן, איינגעאָרדנט עפנטלעכע פאַרלעזונגען, אַריבערגעבראכט פון די גרעסערע צענטערן רעדנער, פאַר־שפרייט אידישע ליטעראטור, אין טייל ערטער איינגעאָרדנט קורסן פאר דערוואקסענע און זונטאג־שולן פאר קינדער, געפירט סאָציאַליסטישע פּראָ־פאגאנדע און געשטיצט די קעמפנדיגע ארבעטער בעת סטרייקן. א דאנק די ארבעטער רינג ברענטשעס האָט מען אין פיל ערטער צום ערשטן מאָל געהערט אַ אידישע פאַרלעזונג. אַ דאַנק זיי האָט אַ איד געקענט באַקומען צו לייענען אַ אידיש בוך און א זשורנאַל. א דאנק זיי האָבן אידישע אר־בעטער בעת אַ נויט געקענט אָרגאניזירן זעלבסט־הילף.

לאָמיר הערן אַ פּאָר שטימען וועגן יענער צייט (פון די קאָרעספּאָנדענ־ציעס אין „פריינד״):

ברענטשעס 273 פון פילאדעלפיע דערציילט: „מיר האָבן שטענדיג אין אויסוואַל פון די בעסטע ראַדיקאלע ליטעראטור, וואָס מיר פארקויפן יער־לעך ביז 500 דאָלער צו אזעלכע נידריגע פרייזן, וואָס אין קיין שום פּלאַץ קען מען עס ניט קריגן, ווייל מיר זוכן ניט קיין פּראָפיט״. אויסער דעם איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ ביבלאָטעק פאר 2 טויזנט דאָלער און פון איר קען יעדער נעמען ביכער צום לייענען.

ברענטש 353 פון דולוהט, מינ., דערציילט אין 1914, אז מ׳האָט גע־עפנט אַ ביבליאָטעק אין דער בעסטער געגנט פון שטאָט. מ׳האָט פיין איינ־געאָרדנט 2 גרויסע לייען־צימערן און במשך פון אַ קורצער צייט זיינען שוין געווען 200 שטענדיגע לייענער.

אין זעלבן יאָר ווערט דערציילט פון סאַוואנאה, דזש., אז דער ברענטש 207 האָט געעפנט א אידישע ביבליאָטעק פאר אלעמען צום באַנוצן. די ביב־ליאָטעק איז אָפן א גאנצע וואָך און מ׳קען באַקומען די נייסטע ביכער, ווי אויך צייטונגען און זשורנאַלן פון פארשידענע לענדער.

ברענטש 505 פון סאָלט לייק סיטי, יוטא דערציילט: „אַלע אידן פון סאָלט לייק דאַנקן אונז פאר דער ביבליאָטעק, ווייל אין אונזער שטאָט איז נאָך אזעלכעס ניט געווען״.

ברענטש 114 פון סאן פראנציסקאָ, קאל., שרייבט: „„מיר קענען פּאָ־זיטיוו דערקלערן, אז אלע אידישע פאַרלעזונגען, וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן אין סאן פראנציסקאָ, זיינען געווען איינגעאָרדנט פון ברענטש״.

„דער היגער ברענטש ארבעטער רינג איז געווען די ערשטע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט איינגעאָרדנט פאָרלעזונגען אין דער אידישער שפּראַך, די מוטערשפּראַך פון טויזנטער אַטלאַנטער אידן". אין אידישן קהלשן לעבן האָט מען זיך באַנוצט מיט אַ צעקאַליעטשעטן ענגליש (מ. ראָס: „אין דרום־לאַנד", אַטלאַנטאַ, דזש., 1918).

פון ברענטש 67, אין באַלטימאָר, ווערט באַריכטעט: "אין דעם קריזיס־יאָר 1907 האָבן מיר געגרינדעט אַ הילף־פאָנד. דעמאָלט זיינען ארומגעגאַנגען מאַסן אידישע ארבעטער אָן ארבעט און האָבן פּשוט געהונגערט. מיר האָבן אויסגעוויילט אַ קאָמיטעט מיט דער פולמאַכט צו צאָלן 3 דאָלער אַ וואָך צו אומפארהייראָטע און 5 דאָלער צו פארהייראטע מיטגלידער".

בעת'ן גרויסן קריזיס אין די יאָרן 8־1907, ווען בוכשטעבלעכער הונגער האָט געהערשט צווישן דעם אימיגראַנטישן עולם, האָט דער ארבעטער רינג ברענטש 151 אין מאָנטרעאל, קאַנאַדע, געעפנט אַ פאָלקס־קיך, וואו מ'האָט געגעבן אַ מאָלצייט פאר 6 סענט. די פאָלקס־קיך האָט מען אויסגעהאלטן אַ האַלב יאָר צייט, שרייבט איינער פון די ברענטש־פּיאָנערן: „ווי ווייניג מיר האָבן דאן ניט פארדינט, האָט יעדער מיטגליד בייגעטראָגן זיין טייל געלט אויסצוהאלטן די קיך" (ה. קערין: „סואוועניר בוך" פון מאיר לאָנדאָן ברענטש 151 ארבעטער רינג, 1932, מאָנטרעאל).

א ריי ברענטשעס האָבן געגרינדעט ליי־קאַסעס, כדי דורך הלוואות צו קענען העלפן מיטגלידער אין אַן עת צרה, אָדער צו העלפן איינאָרדענען זיך אין א דירה נאָכן פאַרלייגן א פאַמיליע־היים און אין אַנדערע נויטיגע פאַלן.

די פארשידנאַרטיגע גוטע ארבעט פון די ברענטשעס האָט געביטן די שטימונג פון אַרום. דעריבער הערן מיר אלץ אָפטער און אָפטער אזעלכע מין גרוסן פון די ערטער דורכן „פריינד":

„די שטים פון דעם ראדיקאַלן אידישן ארבעטער לאָזט זיך איצט הערן אויף דער אידישער גאַס. אונזער ברענטש איז געוואָרן דער טאָן־געבער. ער נעמט דעם גרעסטן אָנטייל אין אלע וויכטיגע פאַסירונגען וואָס שייך אונזערע אידן אימיגראנטן. דער איד האָט גענומען אַכטן און גלויבן דעם עלעמענט" (1915, מעמפיס, טענ.).

„מיט דער גרינדונג פון ברענטש (יאָר 1909) האָט אונזער שטעטל גענומען אויפלעבן" (1914, ברענטש 269 אין שעביאָגען, וויסק.).

„עס וועט ניט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אז אונזער ברענטש איז דער איינציגער ליכטיגער פונקט און מאָראלער פאקטאָר אין דעם לעבן פון דער אידישער באַפעלקערונג פון אונזר שטאָט" (1917, ברנטש 304 אין סיאַטל, וואש.).

„מיר שטיצן זייער פיל אונזערע קראנקע מיטגלידער, און אויך די

געזונטע, וועלכע געפינען זיך אין נויט. מיר האָבן דעריבער באַקומען אַזאַ גוטן נאָמען צווישן דער אידישער ארבעטער באַפעלקערונג פון בעיאָן (נ. דזש.), אז יעדער אידישער ארבעטער שעצט זיך גליקלעך, ווען ער ווערט ארייננגענומען אַלס מיטגליד אין ברענטש 316 פון בעיאָן. מיר פון אונזער זייט באַמיען זיך, אז אלע אונזערע מיטגלידער זאָלן זיין פּראָגרעסיווע אר־בעטער״.

אין איינצלנע ערטער זיינען געווען פאַלן, ווען מ׳האָט ניט געוואָלט פארדינגען אַ אידישן זאַל פאר די מיטינגען און פאָרלעזונגען פון די ברענ־טשעס. די שטימונג האָט זיך אזוי ווייט געביטן, אז שול־אידן פלעגן שוין אליין ניט קענען ביישטיין דעם נסיון און ארייננכאַפּן זיך אויף די פאָרלע־זונגען פון די ארבעטער רינג ברענטשעס.

ווי ווייט דער אָנזען פון די ברענטשעס אין די שטעטלעך איז געשטיגן, דערציילט אונז אַ באַאָבאַכטער: „אונזער אָרדען איז פּיל מאָל דער בית־דין פון א סך קריגערייען. דאָס קליינשטעטל מיט דעם אידישן קליינלעכן לעבן איז, ווי באַוואוסט, רייך אין מחלוקות, אין משפטים, און די מיטגלידער פון ארבעטער רינג זיינען פיל מאָל די ריכטער, וועלכע מאַכן שלום צווישן די שטרייטנדיגע צדדים. אָן דעם וואָלטן זיי געוויס געקומען אין געריכט אריין צו פארשווארצן דעם אידישן נאָמען. נאָר דער רעספּעקט און אַכטונג צו די וואוילע יונגעלייט מיט דעם זשעטאָן פון ארבעטער רינג אין קלאַפּע איז אזוי גרויס, אז די שטרייטנדיגע פארטרויען זייערע טענות און מיידן אויס לייטיש געלעכטער״ (ב. באָטוויניק: „פריינד״ 1913).

אזוי האָ דער ארבעטער רינג איינגענומען איין שטאָט נאָך דער צוויי־טער, איינגענומען פיל מוחות און הערצער, ביי וועלכע עס איז פריער גע־ווען חשד און אומצוטרוי. סוף 1914, ווען דער ארבעטער אָרדן האָט שוין עגציילט קרוב 50 טויזנט מיטגלידער, זיינען בערך 45 פּראָצענט פון זיי געווען אין דער פּראָווינץ — אין 157 שטעט און שטעטלעך פון 34 שטאַטן.



**מ. אָשעראָוויטש**
פרעזידענט, י. ל. פרץ פאַראיין

## ליבהאָבער פון אידישען וואָרט

עס איז מיר אן אמת׳ער תענוג צו קענען באַגריסן דעם חתן־היובל פנחס קאַרל ביי זיין ווערן אַ בן־שבעים. דער מענטש האָט געהאַט כוחות „איינ־צוגעמען״ אַ שטיק אַמעריקע, ד״הרך ווערן פון אַן עלענדן אימיגראַנט פון פוילן אַן אייגנטימער פון איינס פון אַמעריקע׳ס וויכטיקע ווירטשאַפטן, איז דאָס אוודאי אַ גרויסע דערלעבניש. און דאָס איז דאָך ניט אַלץ. ער איז פון די נגידים, וואָס בלייבן אריינגעוואקסן אין פאָלק מיט זיין חבר׳ן זיך דווקא מיט „עמך״, און מיט אַזעלכע, וואָס דער סאָציאַליזם איז זייער אמונה. און אַ נדיב איז ער וואָס מען געפינט אים ביי יעטווידער פאָלקס־נויט. און אַ גרויסער ליבהאָבער פון דער אידישער ליטעראַטור און פון אידישן זשור־נאַליזם, פון אַלץ, וואָס שאַפט זיך ביי אונדזער פאָלק אויף די פעלדער פון גייסט. אַ האַרציקע צואווינטשונג צו אים.

---

**עמנואל נאָוואָגרודסקי**
פון קאָאָרדיניר קאָמיטעט פון
בונדישע אָרגאַניזאַציעס.

## אייביגער בונדיסט

חבר קאַרל האָט אָנגעהויבן זיין לעבן ווי א בונדיסט. ס׳איז א גרויס נחת פעסטצושטעלן, אַז צו זיין 70טן געבורט־טאָג איז ער פאַרבליבן טריי זיינע יוגנט־אידעאַלן. ער געהערט נישט צו די, וואָס אַ לאַדע ווינט טראָגט זיי אַריבער פון איין אָרט אויפן צווייטן, צו די, וואָס ווערן פאַרכאַפט דורך פרעמדע שמחות און בעאיינפלוסט דורך אַ פארבייגייענדיקער מאַסן־שטי־מונג. אַזאַ אויסגעהלאַטנקייט איז אַ סימן פון אַ כאַראַקטער, איז אַ צייכן פון אַ קעמפער. במשך זיינע צענדליקע יאָרן אין אַמעריקע איז קאַרל רייך געוואָרן, אָבער נישט פארפעצט געוואָרן. איך ווינטש קאַרל׳ען געזונט, גליק און נחת ביז 120 יאָר.

# פון אידישען אַרבייטער קאָמיטעט

עס איז פאַר אונדז אַן אמתער פאַרגעניגן זיך צו באַטייליקן אין דעם 70־יאָריקן יובילײַ פון פנחס קאַרל. עס איז אַ יום־טוב פאַר אונדז.

פנחס קאַרל׳ס נאָמען, זיין טעטיקייט און זיין טרייקייט צו אַלע אונ־דזערע געמיינזאַמע אויפגאַבן איז אונדז ניט נאָר באַקאַנט, נאָר זייער נאָענט. זי גיט אונדז מוט אין אונדזער אַרבעט.

מיר קענען גוט דעם אויפשטייג, וואוקס און אַנטוויקלונג פון פנחס קאַרל. פיל פון אונדז האָבן מיט־געמאַכט זיין וועג פון דער סאַמע יוגנט, פון זיינע סאָציאַליסטישע יאָרן אין דער אַלטער היים, ביז זיין איצטיקן געבוירן־טאָג.

מיר ווייסן די ראָל, וואָס פנחס קאַרל שפּילט אין אונדזער סביבה אין קאַליפאָרניע. אונדז זיינען באַקאַנט פיל מעשים זיינע בסתר, וואָס ער טוט לטובת געליטענע, געפּלאָגטע, או ןלטובת צילן, וואָס זיינען הייליק ווי פאַר אים, אזוי פאַר אונדז.

מיר שיקן אים איבער אונדזער ברידערלעכסטע באַגריסונג. מיר ווינטשן אים נאָך לאַנגע יאָרן לעבן אוןווירקן, — אים צוזאַמען מיט זיין משפּחה.

**פאַרן אידישן ארבעטער קאָמיטעט :**

אַדאָלף העלד, פּאָרזיצער

י. באַסקין, סעקרעטאַר

ד. דובינסקי, טרעזשורער

י. פּאַט, עקז. סעקרעטאַר

נ. כאַנין, פּאָרזיצער אָפּיס־קאָמיטעט

ב. טאַבאַטשינסקי, נאַצ. קאַמפּיין־דירעקטאָר.

מאיר ווײַנטרויב
פאָרזיצער, אַדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט פון
אידישן אַרבעטער קאָמיטעט, קאַליפאָרניע.

# מישיגען 1883״

פאַראַן אַ וועלט־אַדרעס: 175 איסט בראָדוויי; אַין איבער אַלע ימים ווייסט מען שוין, אַז דאָס איז אַמעריקע און אַז דאָס איז ניו יאָרק.

דאָרטן איז דער „פאָרווערטס״, און דאָרטן איז דער ארבעטער רינג. דאָרטן איז דער אידישער אַרבעטער קאָמיטעט, און דאָרטן איז דער אידישער סאָציאַליסטישער פארבאנד. און איצט איז דאָרטן אויך דער „בונד״; און דאָרטן איז אויך דער אידישער קולטור־קאָנגרעס.

מענטשן פון אַלע קאָנטינענטן האָבן אריינגענומען דעם אַדרעס אין זייער זכרון סאַי פאַר צער, סאַי פאַר פרייד, סאַי פאַר רעטונג, סאַי פאַר יום־טוב.

ס׳איז דער סימבאָל פון אַן אימפעריע פון אידישן אידעאַליזם און פון אידישן גייסט.

נו, די אימפעריע האָט קאָלאָניעס. זיי זיינען אויף די אידישע פונקטן אין אַלע ברייטקייטן פון אַמעריקע.

די קאָלאָניע קאַליפאָרניע מיט לאָס אַנדזשעלעס אַלס איר צענטער האָט אַ טעלעפאָן־נומער — „מישיגען 1883״. און יעדער פון דעם וועלט־אַדרעס, וועלכער קומט אין קאַליפאָרניע פאַר קולטור און פאַר אידעאַליזם, נעמט אים מיט, דעם טעלעפאָן־נומער. ער וועט אַהין קלינגען, וועט מען זיך אָפרופן מיט אַ באַשטייער, מיט הילף ווי פון אַ ברודער צו ברידער. ס׳איז דער טעלעפאָן־נומער פון פנחס קאַרל.

„מישיגען 1883״ — דאָרטן איז אַ ווער־הויז פון שיך־געשעפטן, אָבער מען קלינגט אַהין פאַר סאָציאַליזם, פאַר ענציקלאָפעדיעס, פאַר ביכער פאָעזיע, פאַר ליטעראַרישע פאַרטרויזמונגען, פאַר „צוקונפט״, פאַר „וועקער״, פאַר ציקאָ, פאַר איוואָ, פאַר אַ נויט־רוף פון אידישן אַרבעטער קאָמיטעט, צי פאַר פאַריז, בריסעל, פראנקפורט, תל אביב, רוים. ס׳איז ממילא אַ וועלט־טעלעפאָן.

און אָפטמאָל האָב איך די זכיה צו זיין דער רופער. און ווען איך הער דעם קול פון דער אַנדערער זייט, ווייס איך, אַז עס וועט זיין אַ ליכטיקער פרימאָרגן.

איז צו די זיבעציק יאָר פון דעם פנחס קאַרל־קול זאָג איך אַ ברכה פאַר אים און זיין באַשערטער ראָוז — אַז קיינמאָל זאָל דער טעלעפאָן ביי זיי ניט אויפהערן קלינגען, און אַז אַלעמאָל זאָל קומען דער ענטפער, ווי עס פאַסט פאַר אַ זון און אַ טאָכטער פון דעם וועלט־אַדרעס . . .

ב. טאַבאַטשינסקי

# געפונען דעם אוצר

אין צווייען איז שטאַרקער!

איך האָב שוין געהאַט די געלעגנהייט מינדלעך צו באַגריסן דעם ליבן פריינט קאַרל צו זיין זיבעציק יאָריקן יובליי. דאָס איז געווען מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק בעת איך בין געווען אין קאַליפאָרניע. מען האָט זיינעם א פריינט, אַ טשאַרטער מיטגליד פון מעדעם ברענטש פון ארבעטער רינג, געפייערט אַן ענלעכן יום טוב, האָב איך דאמאָלסט באַגריסט ביידע יובילאָרן, און וואָרשיינלעך ארויסגעבראַכט מיינע אינטימסטע געפילן צו די דאָזיקע מענטשן פון דער „אייזערנער גוואַרדיע", וועלכע זיינען געקומען צום לאַנד אַמעריקע מיט אַ גלייכן פאַרמעגן, זייער גלויבן אין סאָציאַליזם, אין פריי־הייט, אין דעמאָקראַטיע, אין סאָציאַלער גערעכטיקייט, אין אַלע יסודות פון זייער אמונה.

און אזוי ווי אויף דער „חכמת הפה" בין איך רחבות׳דיקער ווי אויף דער „חכמת הפען", האָב איך דאמאָלסט וואָרשיינלעך ארויסגערעדט מיין גאַנץ האַרץ. אָבער עס ווילט זיך מיר נישט דורכלאָזן די אנגענעמע גע־לעגנהייט וואָס איז מיר ווידער צוגעטיילט געוואָרן. ווען אַלע פריינט פון פּנחס קאַרל מאַכן עס בצבור, איז ביי מיר רעכט צו זיין נישט פון די חזנים. איך קען באַשטיין אויך צו זיין אַ משורר.

אונדזער אומפאַרגעסלעכער וויקטאָר אַלטער פלעגט דערציילן, אַז מען האָט אַמאָל אויף אַ פאַרזאַמלונג פון יונגע סאָציאַליסטן אין לאָנדאָן גע־פרעגט ביי בערנאַרד שאָו: „וואָס דאַרפן מיר יונגע סאָציאַליסטן טאָן כדי נישט צו פאַרטאַכלעווען אונדזער לעבן?" האָט שאָו דארויף געענטפערט:

„קוקט זיך צו צום לעבן ארום אייך, און געפינט יענעם כוח, צו וועמען עס געהערט די צוקונפט, און מיט דעם דאָזיקן כוח פאַראייניקט אייך."

אין אַנדערע ווערטער, מיר לעבן ווי אין אַ וועט־געיעג. דאַרף מען איינשטעלן אויף אַ „גוטן פערדל". און א סך קלייבן טאַקע אויס דעם דאָזיקן אמת.

חבר קאַרל האָט עס אויך געטאָן און טאַקע געשטעלט אויף דעם בעסטן. ער האָט אים אויסגעפונען אין זיין אייגן לעבן. אין דער טיפעניש פון זיין סביבה האָט ער דעם באַשייד צו זיין גרויסער רעטעניש געזוכט, ווי אזוי צו פאַרבינדן דעם טרוים פון אייגן גליק מיט דאָס גליק פון דעם קלאַס, צו

וועלכן ער האָט געהערט. און זיינע יאָרן זיינען ניט געוואָרן פאַרטאַכלעט־וועט. אין דעם רעוואָלוציאָנערן שטורם פון זיין צייט האָט ער אַ סך קרובה׳־שע הערצער געפונען, אין וועלכע עס האָט געשלאָגן דער זעלבער אטעם. זיי און ער האָבן אין סאָציאַליזם דערזען זייער רעאַליזירטן טרוים נאָך אַ שענערער געזעלשאַפט, אַן ערלעך לעבן.

קאַרל׳ס סביבה פון קרובים איז געווען דער „בונד״, יענער סימבאָל פון דינאַמישקייט, וואָס האָט געוועקט און מאָביליזירט די רעוואָלט־געפילן פון דעם אידישן האָרעפּאַשניק. דאָס האָט דער „בונד״ דעם געוועזענעם שוסטער פון באַלוט פּאָליטיש און פּסיכיש אַ טרייסל געטאָן, און זיין אומרוהיגקייט געקירעוועט צו דעם וועג, אויף וועלכער עס זיינען געגאַנגען די מחנות פון אידישע רעוואָלוציאָנערן.

און ווען ער איז פון דאָרטן אַוועק, בעת די שווערע צייט האָט אים געטריבן צו די ברעגעס פון דער נייער וועלט, האָט ער אויך דאָ, פריהער אין פּעטערסאָן און דערנאָך אין לאָס אנדזשעלעס, געפונען די פריינט זיינע צו גיין ווייטער צום זעלבן טרוים פון רעאַליזירטן סאָציאַליזם.

די ערשטע וואַנדערער, דערציילט מען, וואָס זיינען געקומען צו די ברעגעס פון מישיגאַן־לעיק, וואו די נייע וועלט האָט איר בולט׳סטן פּנים באַקומען דורך רעש, דורך אימפּעט און שעפערישקייט, פלעגן אַלע פרימאָרגן זאָגן אַ באַזונדערע תפילה צום רבונו של עולם: „איך בעט דיר נישט קיין גאָלד, זילבער, בריליאַנטן. דו ווייז נאָר מיר, וואו דאָס ליגט, וועל איך דאָס שוין אליין נעמען״.

קאַרל׳ן האָט מען נישט געדארפט וויייזן. ער האָט דעם אוצר אליין געפונען, דורך זיינע פעהיגקייטן, דורך זיין קענען אָריענטירן זיך אין דער וועלט און אויף דעם בעסטן אופן פארווענדן זיין ענערגיע.

„איך בין געקומען אַהערצו שוין אַן אויסגעגרינטער״, זאָגט תמיד קאַרל וועגן זיך אליין. „שוין אין פוילן האָב איך געלעבט אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ גרעסערער פון מיין אייגענער. שוין דאָרטן בין איך אַנדערש געווען. די „אַנערשקייט״ וואָס דער „בונד״ האָט מיר געגעבן.״

די דאָזיקע פעהיגקייטן האָבן אויך דאָ געאַרבעט. צווישן די שוסטער אַ פעהיגער שוסטער; און צווישן די רייכע איינער פון די ערשטע—געטראָפן צום „בעסטן פערדל״.

און אזוי זיינען אוועק יאָרן. גלויבן האָט זיך פאַראייניקט מיט פּראַקטישקייט. ראָמאַנטיזם, איינגעהילט אין שלייער פון טרוים, האָט זיך דורכגעשלאָגן אויך אויף וועגן מיט טאָג טעגלעכע וואָכעדיקע טאַטן. אָבער זיי האָבן נישט פאַרשטעלט דעם הומאַניזם, די מענטשלעכקייט, וואָרים דאָס איז געווען דער גרונד־קאַפּיטאַל זיינער איידער דער „אַנדערער״ קאַפּיטאַל

האָט זיך באַוויזן צו א״ם. און נאָך היינט געהערט דאָך קאַרל צו די איינ־געשפּאַרטע טרוימער; נאָך היינט איז בונדיזם ביי אים די יאָדרע פון גלויבן, וואָס ביי אים איז עס אויך אויסגעבונדן מיט וואַרעמע משפחה׳דיקייט. נאָך היינט איז דאָס דער אמת׳ער אוצר זיינער.

מיר לעבן אין שווערע צייטן. נישט אַלע ווילן געהערן צו די, וואָס זיינען ווייניג אין צאָל, אָבער פאַרמאָגן אין האַרצן אַ סך. קאַרל וויל יאָ געהערן צו זיי.

איך ווינטש דעם בעל היובל נישט צו פאַרלירן דעם וועג, וואָס פירט צו ליכטיקערע האָריזאָנטן, צו מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער ווירדע, אויף וועלכן ער איז ביז איצט געגאַנגען צוזאַמען מיט זיינע אידעען־פריינט, נאָך אַ סך יאָרן אויף די זעלבע דרכים.

---

# מיין נקמה

איך שיק מיין באַגריסונג מיט אַ געפּיל פון באַפרידיקונג און „נקמה״. ערשט לעצטנס האָבן מיינע פריינט מיר געלאָזט וויסן, אז אויך איך בין שוין אַ בן שבעים. איז נאַטירלעך וואָס איך פיל זיך באַפרידיקט צו קענען זיך „אָפּרעכענען״ מיט אימעצן — און נאָך מיט אַזאַ אימעצן ווי פּנחס קאַרל, וועלכער קומט שוין אויך אריין אין מיין עלטער־קלאַס.

נו, איך ווינטש אים, אַז ער זאָל אויפהערן ציילן די יאָרן. די פאַרגאַנ־גענע זיינען דאָך שוין איינגעקריצט מיט גרויס כבוד אין די אַרכיוון פון די אינסטיטוציעס, אַנשטאַלטן און פילאַנטראָפּישע אָגענטורן, וועלכע ער האָט אַזוי ברייטהאַרציק געשטיצט, און אויך אין די הערצער און מוחות פון טויזנטע פריינט פון נאָענט און ווייט. זאָל ער אָנהויבן פון דאָס ניי, מיט ענערגיע און מוט שפּרייזן ווייטער און ווייטער, און טאַקע אויף דעם ברייטן שליאַך, וואָס ער האָט באַטראָטן ביז איצט. און דערלעבן זאָל ער צו זען פאַרווירקלעכט דעם אידעאַל, צו וועלכן ער האָט זיך געווידמעט זינט זיין פריהסטער יוגנט און אָנגעהאַלטן זיין גאַנצן לעבן.

יוסף בערנשטיין,
„פאָרווערטס״־מענעדזשער
דעטראַיט, מישיגען.

ב. לעווין
פאסיפיק קאָוסט דירעקטאר
פון אידישן ארבעטער קאָמיטעט.

# ניט קיין „געוועזענער"

די ארכיוון פון סאָציאַליסטישע און קולטור אָרגאַניזאַציעס זיינען אָנ־געפילט מיט נעמען פון „געוועזענע".

יעדע פון די אָרגאַניזאַציעס, וואָס פארמאָגט נאָר א גוט איינגעשטעלטן אַרכיוו, האָט געווייגלעך 3 פארשידענע „מעילינג" ליסטעס: אן „אַקטיווע"— דאָס זיינען אדרעסן פון מענטשן מיט וועלכע מען שטייט טאָג־טעגלעך אין פארבינדונג; אן אומאַקטיווע — דאָס זיינען די אזוי גערופענע „סימפּאַטי־קער," מיט וועלכע מ'שרייבט זיך דורך בלויז ביי זעלטענע געלעגנהייטן, און וועלכע רופן זיך אגב אָפּ זייער זעלטן; און אַ „טויטע" מעילינג ליסט, וועלכע מען באַנוצט ניט מער, אָבער וועלכע ליגט צוזאַמען מיט אַנדערע אַזעלכע „רעקאָרדס," וואָס וואַרטן אויף דעם היסטאָריקער . . .

די „טויטע" ליסטע באַשטייט ניט דווקא פון געשטאָרבענע. גראַד פאַר־קערט, דעם אויבנאָן פארנעמען גאָר אזעלכע וועלכע האָבן ערשט אָנגעהויבן צו לעבן. נאָר וואָס דען? פאַר דער באַוועגונג, אין וועלכער זיי האָבן גע־שטעלט זייערע ערשטע טריט, זיינען זיי „טויט" — נישטאָ מער.

פאַר די דאָזיקע לעבעדיקע „מתים" זיינען די אָרגאַניזאַציעס אַמדל גע־ווען אַ צייטווייליקע נויטווענדיקייט. איינער האָט זיך געניטיקט אין אַ וואַרימער אַטמאָספערע, אַ צווייטער אין אַ פּאָזיציע, א דריטער אין אַ ביסל כבוד, און אזוי לאַנג ווי די אָרגאַניזאַציע האָט עס זיי געקענט צושטעלן, איז זי געווען זייער „העכסטער אידעאַל", אָבער ווי נאָר זיי האָבן זיך ווי עס איז ארויפגעארבעט און געקענט באַזאָרגן זייערע נויטן אָן דער הילף פון דער אָרגאַניזאַציע, האָבן זיי זיך שוין אויך געקענט באַגיין אָן דעם אידעאַל.

בלויז א קליינער טייל פון די, וועמעס סאָציאַלע לאַגע האָט זיי אויף אַ נאַטירלעכן וועג געבראַכט אין די רייען פון דער אַרבעטער באַוועגונג, און שפּעטער האָבן זיי זיך ארויפגעארבעט, זיינען פארבליבן פעסט ביי זייערע פּרינציפּן און אידעאַלן. און איינער פון זיי איז **פּנחס קאַרל**.

פנחס קאַרל״ס אדרעס געפינט זיך אויף די אקטיווע מעלינג־ליסטן פון אַלע סאָציאַלע און קולטור־נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין אידישן לעבן, מיט וועלכע ער איז אויפן אינטימסטן אופן פארבונדן אָן איבעררייס פון זיין פריהעסטער יוגנט אָן.

און פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג — פאַר אַלע אירע טיילן — איז דער נאָמען פנחס קאַרל נישט אַ נאָמען פון אַ רייכן קרוב, וואָס די וועלט זאָגט דארויף אַז מען דאַרף זיך באַציען צו אים מיט דרך ארץ, נאָר דער נאָמען פון אַ חבר, וואָס איז אומגעהויער פּאָפּולער און אמת באַליבט. ער איז אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ניט נאָר דער „נדיב הידוע,״ וועלכער ענטפערט אויף יעדן הילף־רוף, נאָר אויך דער וואָס איז אויפן נשמה׳דיקסטן אופן מיט איר באַהאַפטן און פאַר וועמען די פּראָבלעמען, ראַנגלענישן, ליידן און פריידן פון דער באַוועגונג, זיינען אייגנס, ניט קיין זייטיקע ענינים.

פנחס קאַרל איז פון די אייגנאַרטיקסטע מענטשן וואָס די אידישע אר־בעטער און קולטור־באַוועגונג פארמאָגט. ער איז אַנדערש ווי דער דורכ־שניטלעכער געוועזענער ארבעטער און איצטיקער גביר. ער איז אויך אַנ־דערש ווי דער דורכשניטלעכער אינטעליגענט, וואָס ציט זיין יחוס פון דער באַרימטער „אלמאַ מאטער,״ דעם אַמאָליקן ראָמאַנטישן און אזוי גלאָר־רייכן „אַלגעמיינעם אידישן ארבעטער־בונד פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן״. און די אַנדערשקייט זיינע איז דורכגעוועבט מיט די בעסטע פעדים פון זיין גייסטיקער פערזענלעכקייט. ער גיט גרויסע סומען געלט אויף אַלגעמיינע צוועקן, דער ארבעטער באַוועגונג, דער אידישער קולטור באַוועגונג, וואָס מיט זיין אַנגעהעריקייט צו איר ער איז אזוי שטאָלץ אָבער ס׳איז ניט „געגעבן״, ער צאָלט אַ חוב, אַ מין פרייוויליקן שטייער, וואָס ער פאַרפעלט קיינמאָל ניט עס אונטערצושטרייכן מיט באזונדערן טאַקט און חבר׳שער פריינטשאַפט.

דער אידישער ארבעטער קאָמיטעט איז איינע פון די פּיל־צאָליקע אָרגאַניזאַציעס וואָס פייערן דעם 70 יאָריקן יובילייַ פון קאַרל׳ן, דעם אַק־טיוון טוער און אויפריכטיקן פריינט. און איך קען עס זאָגן אין דעם נאָמען פון אַלע אונדזעריקע, אַז אין אונדזערע הערצער ווינטשן מיר זיך, אַז מיר זאָלן נאָך לאַנג האָבן דעם פאַרגעניגן אים צו זען ביי דער אַקטיווער אַרבעט זיינער אויף די פאַרשידענע געביטן פון אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן.

לי ליען העלד

# „מילק ענד עיג״

אַ נאָמען וואָס קלינגט אָפּ מיט היים, אָבער געצילט איז ער דווקא צו מענטשן, וועמען קראַנקהייט האָט אַוועקגענומען פון דער היים—צו אַ געלעגער אין אַ סאַניטאַריום.

נאָר דער סאנאטאריום איז די קאַליפאָרניער „סיטי אָוו האָופּ״ (שטאָט פון האָפנונג) איז די ניו יאָרקער הילפס־אָרגאַניזאַציע, וואָס איר נאָמען איז „מילק ענד עיג״, גוט און ערלעך צוגעפּאַסט.

מיר שאַפן פאָנדן פאַר שפּייז פאַר קראַנקע, אַז ערשט דער סאנאטאריום זאָל זיי ערשיינען ווי אַ צערטלעכע היים. און ער איז דאָס טאַקע. און ער שמ׳ט דערמיט.

און עס איז דורך דער פאַרבינדונג מיט „מילק ענד עיג״ פאַר דער „שטאָט פון האָפנונג״ וואָס איך קען דאָס פּאָר־פאָלק, די קאַרלס, מיט אַ ליבשאַפט צו זיי.

פּנחס קאַרל און ראָוז קאַרל — וויפיל גוטס זיי זאָלן ניט האָבן געטאָן אויף אַנדערע געביטן, וועלן זיי פאַרבלייבן אין דער געדעכניש פון אַ דור מענטשן פאַר זייער געטרייער מיטאַרבעטערשאַפט, אַז די הייל־אינסטיטוציע, וואָס אָנגעהויבן זי בויען האָט די ארבעטער באַוועגונג, זאָל אין זיך אריינקריגן דעם אָטעם פון אַ ליבער היים.

מיין האַרציקסטער גליקוואונטש צו זייער יום־טוב פון פּנחס קאַרל׳ס שיינעם עלטער פון זיבעציק יאָר.

---

ליליען העלד איז די פרוי פון דעם נאַציאָנאַלן פאָרזיצער פון אידישן ארבעטער קאָמיטעט און פרעזידענט פון „פאָרווערטס״ אַסאָסיאיישאָן, אַדאָלף העלד.

---

# פון פריינט

אונזער האַרציקע באַגריסונג צו אונזער פריינט פּ. קאדל. מיר ווינשען אים נאָך פילע יאָרן פון ערפאָלגרייכן און פּראָדוקטיוון לעבן — זאָלן זיינע יוגנט אידעאַלן פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט, רעאַליזירט ווערן נאָך ביי זיין לעבן און זאָל ער אַליין, אַ מונטערער און אַ געזונטער, צוזאַמען מיט זיין גוטער פרוי און קינדער, לעבן אַ צופרידענער אין אַ צייט ווען אונזער פאָלק וועט זיין אינגאַנצען זיכער אין זיין פרייהייט און די מענטשהייט אין פרידען — אַ גליקליכע און אַ בעסערע.

אין פריינטשאַפט, **חיים און באַסקע שאַפּיראָ.**

ב. געבינער
געהילפס גענעראל סעקרעטאר
פון ארבעטער רינג

# אַלעמאַל יונג

איך וואָלט זיכר געוואָלט זיין פערזענלעך בא דעם יום־טוב לכבוד דעם ליבן פריינט פנחס קאַרל, אָבער מיילען וועלען מיך אָפּטיילען.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דאָס יאָר 1936, ווען איך בין געקומען אויף מיין ערשטן באַזוך קיין לאָס אַנדזשעלעס אין די אינטערעסן פון אונדזער באַוועגונג. נאַטירלעך האָב איך גלייך אין די ערשטע טעג זיך געטראָפן מיט פריינט פנחס קאַרל. און געטראָפן האָב איך זיך מיט אים אין זיין געשעפט־אָפיס. איך האָב שוין פיל געהערט וועגן אים, אָבער דאָס געהערטע איז געווען וועניק אין פארגלייך מיט דעם איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט פערזענלעך. ער איז געווען ארומגערינגלט מיט די פאַרשיידענע ענינים פון זיין געשעפט, אָבער ער האָט אַלץ אַוועקגעלייגט, און עטלעכע שטונדן האָבן מיר פאַרבראַכט אין אַן אינטימען געשפרעך וועגן די פאַרשידענע פראָבלעמען פון אונדזער אלזייטיקער באַוועגונג. זיינע אויגן האָבן געפינקעלט מיט נייגעריקייט, מיט ליבע, מיט אַ צאַפּלדיקן אינטערעס צו אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט אונדזער באַציהונג צום אַלגעמיינעם און אידישן לעבן.

געוויינטלעך קען מען דערוואַרטן, אַז אַ געשעפטסמאַן אין דער טומלדיקער אַמעריקע זאָל זיין ארייגעטאָן בלויז אין זיין געשעפט, אָדער אין פערזענלעכער פאַרוויילונג, אָבער אַנדערש איז פנחס קאַרל. ער האָט זיין שורש, אין דער אידיש סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

לאָס אַנדזשעלעס איז אַ גרויסע שטאָט, מיט אַ גרויסן אידישן ישוב. פנחס קאַרל איז איינער פון די אָנפירענדע, איינפלוסרייכע בירגער פון דער אידישער געמיינדע אין שטאָט, און אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אויף אַלע געביטן צייגט ער אַרויס זיין ברייט האַרץ, זיין וואַרעמען צוגאַנג, נישט נאָר צו פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צום כלל און דעם וואוילזיין פון כלל, נאָר אויך צו פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם יחיד. מען זעט עס טאַקע אין זיין באַציאונג צו די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט דעם וואוילזיין פון די מאַסן. דאָס זעט זיך באַזונדערס אין זיין איבערגעבנהייט צו דעם סאנאטאריום, „סיטי אָוו האָופּ״, וועלכע איז

אַ קרויז־אַרבעט און אַ קרויז־דערגרייכונג נישט נאָר פון לאָס אנדזשעלעס, נאָר פון דער גאַנצער אידישער אַמעריקע.

די וואַרעמקייט וואָס פנחס קארל צייגט ארויס צו פריינט פון דער נאָענט און פון דער ווייט איז אַ באַזונדער שיין קאַפּיטל פון זיין לעבן. און אין דעם אַלעמען באַטייליקט זיך מיט אים, פונקט ווי אין זיין געזעלשאַפט־לעכער פאַרצווייגטער אַרבעט, זיין לעבנס באַגלייטערין, ראָוז קאַרל.

זינט אונדזער באַגעגעניש אין יאָר 1936, האָבן מיר זיך פיל מאָל געטראָפן אין ניו יאָרק און אין אַנדערע שטעט אויך, און ס'איז פאַרבליבן איינגעקריצט אין זכרון ביי אונדז, די געבינערס, די יום־טובדיגע פריינט־שאַפט פון די קאַרלס.

אונדזער באַוועגונג פייערט דעם 70סטן געבורטסטאָג פון פנחס קאַרל, איז דאָס אַ געבורטסטאָג פון דאָפּלדיקער יוגנט, אָפּגעזען פון יאָרן. ער האָט עס באַוויזן אין זיין פארגאנגענהייט; ער באַשטעטיקט עס אויך דורך זיין היינט; זאָל ער עס אָנהאַלטן פאַר פיל יאָרן אין דער צוקונפט.

---

# אידישע פאָלקסטימלעכקייט

מחמת נאָענטער באַקאַנטשאַפט מיט פנחס קאַרל, זייענדיק פאַר אַ צייט אין לאָס אנדזשעלעס קלער איך וועגן אים שטענדיק ווי וועגן אַ פערזענלעכ־קייט וואָס איז אַ סימבאָל פון אידישער פאָלקסטימלעכקייט. אַ מענטש אַ סינטעז פון רייכטום און פון טיפן מענטשלעכן געפיל צו ליידענדע און נויט־באַדערפטיקע. דער מענטש וואָס זאָגט זיך אָפּ פון יחוס, אַריסטאָקראַטיע, און לעבט צווישן זיין קלאַס און שטאַם, פיבערט מיט דעם וועה און פיין פון דעם אויסגעוואָרצלטן פאָלקס־מענטש אין אַלע לענדער, ערשט אזא מענטש פארדינט די אַכטונג און ליבע פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

מיין צוואווינטשונג צו פנחס קאַרל איז: אָנהאַלטן זיין לעבנס־שיינקייט דורך דינען הויכע אידעאַלן נאָך גאָר אַ סך יאָרן.

**פרענק עפּשטיין,**

נאַציאָנאַלער לאַנד־אָרגאַנייזער פון ארבעטער רינג.

